№ 26.

צווייטער יאָהרגאַנג

יודישע
# פאָלקס־צייטונג

24 Juni 1903. — פערלאַג „פאָלקס־בילדונג“ וואַרשא. — כ"ט סיון תרס"ג.

די רעדאקציע „יודישע פאלקס-צייטונג" איז מודיע, אז זי איז צוגעטרעטען ארויסצוגעבען א זאמעל-בוך (סבארניק) פאר דעם פאלק מיט דעם נאמען

# „היל ף"

## די גאנצע הכנסה פון דעם סבארניק ווערט געהן פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.

אין דעם סבארניק וועלען אריינקומען זאכען פון די בעסטע יודישע שריפטשטעלער, וואס שרייבען זשארגאן און העברייאיש און אויך די וואס שרייבען אין איראפייאישע שפראכען, וואס וועלען פון דער רעדאקציע איבערזעצט ווערען אין זשארגאן.

אויך וועלען אריינקומען אין דעם זאמעל-בוך אילוסטראציעס פון בעריהמטע יודישע קינסטלער.

אין זאמעל-בוך „הילף" וועלען אריינקומען אריגינעלע ארטיקלען פון

## לעוו טאלסטאי און מאקסים גארקי

איבערזעצט פון רוסישען אין זשארגאן דורך אונזער מיטארבייטער שלום עליכם.

פון די יודישע שריפטשטעלער האבען ביז איצטער זיך אנגערופען מיטצוארבייטען אין זאמעל-בוך „הילף": מענדעלי מוכר ספרים (שלום יעקב אבראמאוויטש); שלום עליכם (ש. ראבינאוויטש); דוד פרישמאנן; בן-עמי (מ. ראבינאוויטש); עזרא גאלדין; מנשה מרגליות; אליעזר שולמאן; ד"ר מ. בערדיטשעווסקי; מרדכי בן הלל הכהן; ד"ר י. ליאקומאוויטש; און מ. מ. הורוויץ.

די ווייטער צוגעקומענע שריפטשטעלער וועלען מיר מודיע זיין אין אונזער צייטונג.

**דער פרייז פון סבארניק איז 1 רובל מיט פארטא.**

דעם חשבון פון דער הכנסה מיט דער הוצאה פון סבארניק וועלען מיר אין דער צייט מודיע זיין אין אלע יודישע צייטונגען.

רעדאקציע „יודישע פאלקס-צייטונג".

אבאנאמענטס־פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב־יעהרליך 2 רובל
פיערטעל־יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 5 רובל; האלב־יעהרליך 3 רובל, פיערטעל־יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים אויסשרייבען 2 רובל, דעם 1־טען אפריל 1 רובל, 1־טען יולי 1 רובל און דעם 1־טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנצייגען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 30 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

יודישע
# פאלקס־צייטונג
א וואכען־בלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.

די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія" Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ".
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

די אדרעסע פאר עסטרייך־אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung"
Krakau, Sebastyangasse 32.

אבאנאמענטס־פרייז:
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . . 5 „
פיערטעל־יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק.
האלב־יעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פיערטעל־יעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.

ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

24 Juni 1903. Nr. 26. כ"ט סיון תרס"ג.

## צו אונזערע געעהרטע אבאנענטען.

מיר דערמאנען די געעהרטע אבאנענטען, אז מיט

## מיט דער דאזיגער נומער

ענדיגט זיך דער אבאנאמענט פון די וואס האבען אויסגעשריבען די פאלקס-צייטונג נאר אויף איין האלב יאהר און בעטען אין דער צייט אריינשיקען דעם אבאנאמענטס פרייז: אויף א האלב יאהר 2 רובל; א פיערטעל יאהר 1 רובל.

אויך דערמאנען מיר די יעהרליכע אבאנענטען, וואס האבען אויסגעשריבען די צייטונג צוזאמען מיט דער פרעמיע, 4 בענדער פון אלע שלום עליכמ'ס ווערק, אויף ראטען, דארפען צום 1-טען יוני צושיקען

## די דריטע ראטע 1 רובל.

די ניט יעהרליכע אבאנענטען בעצאהלען פאר דער פרעמיע 4 בענדער פון שלום עליכם ס ווערק 2 רובל, אדער 50 קאפ' פאר יעדען באנד מיט פאטשא.

מיר בעטען די יעהרליכע און ניט יעהרליכע אבאנענטען אריינצושיקען דעם ווייטערדיגען אבאנאמענטס פרייז ניט שפעטער פון 1־טען יולי, כדי מיר זאלען זיי קענען פינקטליך שיקען די וואטערדיגע נומערן.

## די אדמיניסטראציע.

**אנמערקונג:** 1) מיר בעטען די אבאנענטען, אז ביים ארייגשיקען דאס געלד זאלען זיי מודיע זיין יעדער זיין נומער פון באנדעראל. 2) אבאנענטען אויף דער „פאלקס-צייטונג" ווערען אנגענומען ניט ווינציגער ווי אויף א פיערטעל יאהר פון נומער 1, פון נומער 14; פון נומער 27 און פון נומער 40. 3) די „פרעמיע" אהן דער צייטונג פערקויפט זיך ניט

## אונזערע שפיטאלען.

וועמען פון אונז איז ניט בעקאנט, ווי אומגערען א קראנקער וויל געהן אין א יודישען שפיטאל? אפילו דער ארימסטער, וואס וואהנט אין איין ענגער, פינסטערער שטוב און לעבט שטענדיג אין דחקות, וויל בעסער, ווען ער ווערט קראנק, ליגען אין דער היים, אייד־דער מען זאל איהם פיהרען אין „הקדש". און ניט נאר אין די קליינע שטעדטלעך, וואו דער שפיטאל איז טאקי ניט מעהר ווי א "הקדש": שמוציג, אנגעלאזט, אהן די מינדסטע היגיענישע איינריכטונג, נאר אפילו אין די גרויסע שטעדט, וואו דער שפיטאל איז גרויס, גערוימיג און מיט די נייעסטע ארדנונגען, געהט אהין דער קראנקער ניט גערן און ווען מען פיהרט איהם אריבער אהין, איז ביי איהם גערעכענט, ווי מען וואלט איהם שוין פיהרען אויף יענער וועלט.

אז מיר זאלען פרעגען דעם ארימען קראנקען: פאר וואס שרעקט ער זיך אזוי פאר'ן שפיטאל? אין דער היים ליגט ער דאך אין גרויסע צרות, אין שמוץ און דערשטיקונג, אהן ליכט, אהן לופט, אהן רוה, ער האט ניט צו בעצאהלען דעם דאקטאר פאר'ן וויזיט און דער אפאטהעק פאר'ן רעצעפט, ער מוטשעט זיך אליין און מוטשעט זיין ווייב און קינדער, וואס שלאפען ניט גאנצע נעכט און מוזען אויף איהם אכטונג געבען, בשעת אין שפיטאל איז ליכטיג, גערומיג, שטיל און רוהיג, ריין און ציכטיג, דאקטוירים, רעצעפטען און עסען בעקומט ער אומזוסט און עקסטערע שומרים געבען אויף איהם שטענדיג אכטונג. אויף דער פראגע וועלען מיר בעקומען א קלארע תשובה:

„וואס טויג מיר די ריינקייט און די אלע ארדנונגען, אז איך בין דארט עלענד, פרעמד און ליג גאנצע טעג ווי א שטיין, קיינער קוקט

זיך ניט ארום אויף מיר, קיינעם אינטערעסירט ניט צו פארלייכטערען מיין לאגע. איך מעג אויסגעהן ווי א ליכט, וועט קיינעם ניט ארען".

אונ אין אמת, איז איינער פון די גרעסטע פעהלער אין אונזערע שפיטאלען, אפילו די בעסטע, וואס דער קראנקער איז דארט עלענד אונ פארלאזען. אין דער היים, ווי שלעכט איהם איז, אונ ווי עס טוט איהם וועה זעהענדיג זיין ארימקייט אונ די טרויעריגע לאגע פון איהם מיט זיין פאמיליע, האט ער דאך א שטיקל טרייסט אונ נחמה וויסענדיג, אז זיין הויז־געזינד גיט אויף איהם אכטונג מיט ליבשאפט, דערלאנגט איהם אלצדינג אין דער צייט, זארגט צו פארגרינגערען איהם, בערוהיגען, אריינגעבען מוט אונ האפנונג. ווערענד אין שפיטאל ליגט ער צווישען צעהנדליגע אנדערע קראנקע אונ קיינער אינטערעסירט זיך ניט מיט איהם, קיין געטריי אויג קוקט ניט אויף איהם, קיין בארעמהערציגער מענש פיהלט ניט זיינע שמערצען, ער הערט קיינמאל ניט קיין גוט ווארט.

דער דאקטאר, וואס מוז אין איין האלבע שעה בעטראכטען אלע קראנקע, האט דאך קיין צייט ניט, אויסהערען יעדען קראנקען אונ בערוהיגען איהם. די בעהאנדלונג פון די קראנקע אונ די גאנצע השגחה אויף זיי ווערד איבערגעגעבען די וועכטער אונ וועכטערינס, וועלכע זענען כמעט אלע, אהן אויסנאמע, גראבע, אומגעבילדעטע מענשען, פון נידריגען שטאנד, וואס די נויט האט זיי געבראכט צו אנגעמען אזא שווערע דינסט, אונ אויב זיי האבען תחלת נאך געהאט א פונק רחמנות אונ מיטגעפיהל צום ליידענדען קראנקען, האט די געוואהנהייט שפעטער אין גאנצען פארלאשען דעם איידעלען פונק אונ מיט דער גרעסטער גלייכגילטיגקייט קוקען זיי אויפ'ן קראנקענס ליידען, זיינע קרעכצען שטערען זיי ניט, צו זיצען אין ווינקעל אונ שלאפען גאנץ רוהיג...

דער וועכטער, וואס איז אומגעבילדעט, ארים אונ דינט נאר על פי נויט, בעטראכט זיין שטעלע נאר אלס פרנסה אונ אלס שווערע פרנסה, פון וועלכע ער בעט שטענדיג גאט ווי אם גע־שווינדסטען פטור צו ווערען. ווי קאן א זאלכער מיטפיהלען מיט'ן אומגליקליכען קראנקען? ווי קאן ער וויסען, אז א גוט ווארט, א פריינדליכער קוק קאן אמאל דעם קראנקען מעהר דערלייכטערן ווי די בעסטע רעצעפטען? איז דער קראנקער אדער זיין פאמיליע אים שטאנד געבען דעם וועכטער עטליכע גראשען, איז נאך "א האלבע צרה", דע־מאלט וועט דער וועכטער נאך א ביסל אכטונג געבען אויף איהם; קוים אבער האט ער פון קראנקען גאר ניט, וועט שוין דער קראנקער פון איהם אויך גאר ניט האבען.

עס איז גענוג צו בעטראכטען אין אונזערע שפיטאלען דאס אויסזעהן פון די וועכטערס, דאס פינסטערע געזיכט אהן א מינדס־טען שטריך פון בארעמהערציגקייט אונ ווייכקייט, אונ מיר וועלען באלד פארשטעהן, פאר וואס געהט אונזער ארימאן אזוי אומגערן אין יודישען שפיטאל. עס פעהלט דארטען די הערצליכקייט, דאס מיטגעפיהל, די צערטליכקייט צום קראנקען; עס הערשט דארט איין אייזיגע קעלט, וואס פארערגערט נאר דעם צושטאנד פון קראנקען.

אין די קריסטליכע שפיטאלען איז אין דער הינזיכט גאנץ אנדערש. די השגחה אויף די קראנקע איז דארט איבערגעגעבען די "בארעמהערציגע שוועסטער", וועלכע טוען דאס ניט צו ליב פרנסה, נאר פון רעליגיאנס וועגען; זיי האבען זייער לעבען געאפפערט דער בארעמהערציגקייט, העלפען די אומגליקליכע. ווי די גוטע מלאכים געהען ארום די דאזיגע געבילדעטע איידעלע "שוועסטער" צווישען די קראנקע, שטיל אונ גוט, בנעימות'דיג אונ מיט צערטליכקייט געבען זיי אויף די קראנקע אכטונג, דערלאנגען זיי אלעס צו דער צייט, טרייסטען אונ בערוהיגען זיי. דארט אין שפיטאל וועט ניט פארקומען דער קראנקער זאל גאנצע שעה'ען ביי נאכט לעכצען פאר דארשט אונ די ווערטערין זאל זיצען אין ווינקעל אונ געשמאק חראפען; דארט וועט דער קראנקער געוויס קיינמאל ניט זעהן אזא סצענע, ווי מיר האבען געזעהן אין א יודישען שפיטאל אין א גרויסע שטאדט: א

# פעליעטאן.

## מאשקעלי גנב.

א ראמאן

פון שלום־עליכם.

(ענדע).

### קאפיטעל יח.

### א בריף פון דער פאסט אונ א ביסל התנצלות פונ'ם מחבר.

אין עטל'כע טעג ארום איז צו חיים חסיד אנגעקומען א בריוועל פון דער פאסט אונ דארט איז געשטאנען:

ליבער פאטער אונ טייערע מוטער!

איך שרייב אייך, אז איך בין דאנקען גאט געזונט אונ שטארק אונ בין געבליבען א יודישע טאכטער, איך האב חתונה געהאט פאר מאשקען, וואס מע רופט איהם ביי אונז מאשקעלי גנב, אונ איך בין גליקליך, אפשר נאך גליקליכער פון אלע מיינע שוועסטער. אונ איהר זאלט ניט פרעגען ווי אזוי דאס איז גע־ווען, מכתמא איז דאס א באשערטע זאך פון גאט, ווי רב שלום שדכן זאגט א "זווג מן השמים". אונ איהר זאלט וויסען, ליבע פאטער אונ מוטער, אז מיר וועלען אהיים קיין מאזעפעווקע קיין מאל ניט קומען, מיר ווילען ניט אייער בזיון מיט אייערע יסורים, לעבט הונדערט צוואנציג יאהר. איך פארבלייב פון דערווייטען אייער געטרייע, וואס קושט אייך טויזענט מאל אונ ווינשט אייך פיעל נוטס אונ געזונט אונ הצלחה אונ איך בעט לאזט גריסען איטליכען באזונדער גאר פריינדליך אונ בעלי מאשקע לאזט אייך גריסען איטליכען גאר פריינדליך.

אייער טאכטער צירעל".

• • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • •

ס'איז א מנהג כמעט ביי אלע מחברים אויף דער גאנצער וועלט, אז זיי באשרייבען א געשיכטע, איז קודם כל, נאך אין דער הקדמה פונ'ם ספר, געבען זיי צו וויסען דעם עולם אונ שווערען מיט כל השבועות, אז מע מעג גלויבען א הולטיי, אז אלסדינג וואס זיי דער־ציילען איז לויטער אמת, חלילה נישט אויסגעטראכט פונ'ם קאפ קיין איינציג ווארט אפילו. נאראנים! זיי ווייסען ניט, אז וואס מעהר זיי וועלען זיך שווערען, וועט מען זיי אלץ מעהר ניט גלויבען. איך האב

וועכטער זאל ארומגעהן געארעמט און מאכען מאוס'ע העויות מיט איינע פון די פריילינס, וואס קורירען זיך אין שפיטאל.

אונזערע ברידער, וואס האבען אזוי ליב צו נאכטון אנדערע, היטען זיך מיט גרויס עקשנות, ניט איינפיהרען ביי זיך אזא גוטע און נייטיגע אינסטיטוציע, ווי געבילדעטע ווערטעריננס פון קראנקע, עהנליך צו דער אינסטיטוציע פון „בארעמהערציגע שוועסטער" ביי קריסטען. „כמקולקלים שבהם עשיתם, כמתוקנים שבהם לא עשיתם". שלעכטע מדות לערנען מיר זיך אויס זעהר געשווינד נאכצוטון, אבער גוטע מדות ניט. עפים ווירקליך גוטס און ניצליכעס ווילען מיר ניט אויסלערנען פון אנדערע.

און די אינסטיטוציע פון געבילדעטע איידעלע ווערטעריננס איז דאך ניצליך פון פיעל זייטען:

ערשטענס די גרויסע טובה פאר די ארימע קראנקע, וואס וועלען געפינען אין שפיטאל אויסער מעדיצינישע הילף אויך דאס וויכטיגסטע: גוטע, צארטע אויפזיכט, מען וועט זיי אויפפאסען, היטען און אכטונג געבען מיט פארשטאנד און צערטליכקייט.

צווייטענס וועט זיך עפענען א נייע גרויס פעלד פון בעשעפטיגונגען פאר פיעל געבילדעטע יודישע טעכטער, וואס פיהרען היינט א וויסט טרויעריג לעבען, ווייל זיי האבען ניט וואו צו בענוצען זייער צייט און קענטניש.

פאר אונזערע טעכטער זענען היינט אפען אלע שולען, אלע גימנאזיעס; ניט ווי די זוהן, פון וועלכע מען דערלאזט צו בילדונג נאר א קליינעם פראצענט. מאסען יודישע טעכטער בעקומען היינט די בילדונג פון א מיטעלשולע און ענדיגען זאגאר מיט אויסצייכנונג. וואס ערווארט זיי אבער נאכדעם, אז זיי האבען שוין געענדיגט? זענען איהרע עלטערן רייך, זיצט זי ביי זיי און ווארט אויף א חתן. ווען אבער די עלטערן זענען ניט פארמעגליך און זי קאן ניט האפען אויף א גוטע פארטיע, איז איהר נאך פיעל ערגער ווי דער אומגעבילדעטער. זי קאן ניט זיין צו לאסט אויף די עלטערן, זי וויל זיין זעלבשטענדיג, מיט איהר אייגענער מיה און קענטניש פארדינען איהר אויסקומען אבער צו וואס זאל זי זיך נעמען?

אלע עפענטליכע שטעלען זענען פאר איהר פארמאכט, קיין לעהרערין אין א רעגירונגס־אדער שטאדט־שולע קאן זי ניט זיין, אין קריסטליכע הייזער געבען לעקציעס טאר זי ניט, זי מוז ווערען א יודישע פריוואט־לעהרערין, אבער די זענען שוין היינט אזוי פיעל און די קאנקורענץ איז אזוי גרויס, אז לעהרער צו זיין איז געווארען פון די ערגסטע פרנסות.

אמת, זיי קענען נאך לערנען: צו ווערען דענטיסטען, פעלדשערינס אדער מוזיק־לעהרערינס אבער די דאזיגע עטליכע לעבענס־צווייגען זענען שוין אויך צופיעל בעשווערט. מיר האבען שוין היינט יודישע דענטיסטקעס מעהר ווי מען ברויך; פעלדשערקעס קריגען אויך ניט אזוי לייכט א שטעלע און יודישע מוזיק־לעהרערינס קענען נאך ניט קאנקארירען מיט די קריסטליכע — איבער אונזער מאוס'ער טבע צו געבען די בכורה דעם פרעמדען און ניט דעם אייגענעם.

עס וואלט זיך אלזא געעפענט א גרויס פעלד פון ניצליכע, איידלע בעשעפטיגונג פאר הונדערטער יודישע געבילדעטע טעכטער, ווען מיר זאלען איינפיהרען ביי זיך א מין „בארעמהערציגע שוועסטער" צו היטען קראנקע. די געבילדעטע פרוי וואלט געוואוסט, זי ברענגט מיט איהר קענטניש הילף און נוצען זיך און אנדערע.

די זאך דארף אונזערע ברידער ניט איבערשרעקען, ניט אויסווייזען ווי „ניט יודישע". אונזערע ברידער אין אויסלאנד האבען דאס שוין איינגעפיהרט פון לאנג. אין בערלין, למשל, געפינט זיך שוין פון היבש עטליכע יאהר א שולע, וואס ערציהט יודישע געבילדעטע „שוועסטער" און קיינער, אפילו פון די שטרענג ארטאדאקסישע יודען, זאגט ניט, אז דאס איז געגען יודישען דת, אדרבא אלע פיהלען גרויס סימפאטיע צו דער זאך, אלע זעהען דעם גרויסען נוצען, וואס אזא שולע ברענגט. די „שוועסטער" האבען אריינגעבראכט רחמנות, איידלע מיטגעפיהל און צערטליכקייט אין די שפיטאלען. די „שוועסטער"

---

געהאט א חבר, „תנחילי" האט ער געהייסען, איז ער געווען א מוראדיגער שקרן; אלע יונגלעך אין חדר האבען דאס געוואוסט און ער אליין האט אויך געוואוסט, אז מע ווייסט, אז ער איז א ליגנער. וואס זשע פלעג ער טהון? אז ער האט עפיס בעדארפט דערציילען א נייס, פלעג ער קודם כל אנהויבען לעגען שבועות:

— הערט איהר, קינדער? ווי איך בין א יוד! איך זאל ניט דערלעבען אוועקגעהן פון דעם ארט! איך זאל מיך דערווארגען מיט'ן ערשטען ביסען! איך זאל איינגעמען א מיתה משונה; לאז פון מיר ווערען א שטיין, א ביין, אויב איך זאג אייך א ליגען אויף אט אזוי פיעל א!...

און ערשט נאכדעם פלעג ער שוין דערציילען די מעשה, און ערשט נאכדעם פלעג זיך אויסלאזען, אז ס'איז שוא ושקר...

געגרינדעט דערויף וויל איך מיך ניט פארענפערען פאר דיר, מיין ליבהארציגער לעזער, און אויסווייזען דיר אוינג אויף אוינג, אז די דאזיגע געשיכטע, וואס איך דערצייהל דיר, איז טאקי אזוי געווען פונקט ווי סע שטעהט געשריבען ביי מיר אין ראמאן. איך זאג דיר, אז ס'איז אזוי, און די ברירה איז ביי דיר, ווילסטו גלויבסטו, ווילסטו גלויבסטו ניט... איך קאן דיר געבען נאר איין עצה: פאהר זיך דורך קיין מאזעפעווקע און חאפ אן א יודען אין מיטען גאס און טהו איהם א פרעג.

— פעטער! איז נישט געווען דא ביי אייך איינער א מאשקע א גנב?

וועט ער זיך אפשטעלען און וועט דיר ענטפערען:

— א? מאשקעלי גנב? אט דער וואס איז אנטלאפען מיט חיים חסיד'ס טאכטער? וואס איז דען? אקעגען וואס פרעגט איהר דאס?

וועסט דו דאך איהם ענפערען:

— גאר נישט, גלאט אזוי...

און וועסט דאך מסתמא וועלען אוועקגעהן, וועט ער דיך ניט אפלאזען און וועט זיך נעמען צו דיר:

— וואס הייסט גאר נישט גלאט אזוי? גלאט איז א טעלער! וואס הייסט דאס א יוד נעמט און פרעגט זיך נאך גלאט אזוי? אז איהר פרעגט מסתמא ווייסט איהר דאך עפיס!

און מיינט ניט, אז איהר ווערד אזוי ניך פטור. דער יוד וואס איהר האט איהם אפגעשטעלט שטעלט אפ נאך צוויי יודען און טייט אויף אייך מיט די פינגער:

— וואס זאגט איהר דערויף? איך גיה מיר אזוי, שטעלט מיך אפ אט דער יוד און פרעגט זיך נאך אויף מאשקעלי גנב! פרעג איך איהם, וואס דארפט איהר מאשקעלי גנב? זאגט ער: גלאט אזוי!...

צו די דריי יודען געהען צו נאך א דריי פיער יודען און ארום

ווערען געזוכט אויך אין פריוואט־הייזער, צו אכטונג געבען אויף רייכע קראנקע, וואס קורירען זיך אין דער היים. די שוועסטער ווערען פיהרער־רינס פון שפּיטאלען, זיי זענען צופרידען מיט דער לאגע און זייער צופרידענהייט ווירקט אויף דער ארומגעבונג, ווי די ווארימע ליכטיגע זון.

עס איז אלזא כדאי אויך ביי אונז אנהייבען טראכטען, איינפיהרען יודישע „שוועסטער". מען ברויכט ניט צו דעם קיין עקסטרענע שולען, עס איז גענוג, אז איינינע איידעלהערציגע יודישע דאקטוירים זאלען ביי יעדען שפּיטאל איינארדנען „קורסען" טהעארעטיש און פּראקטיש, צו לערנען ווי זיך בעגעהן מיט א קראנקען. מיר זענען זיכער, אז אויף די „קורסען" וועלען קיינמאל ניט פעהלען קיין צוהערערס. די געבילדעטע יודישע טאכטער, וואס וויל ארבייטען, וועט איילען צו קומען לערנען דעם נייעם פאך, און בפרט אז פאר א יודישער „שוועסטער" ווערד דאך ניט פארשלאסען דאס וועלטליכע לעבען, זי נעמט אויף זיך ניט דעם שלייער פון א מאנאכינע, און קאן גאנץ רוהיג ווארטען אויף איהר בעשערטען...

ז.

# צווישען צייטונגען און זשורנאלען.

יעדערער ווערד געבארען מיט זיין מזל, און ניט נאר מענשען נאר אפילו ווערטער אויך...

עס זענען דא ווערטער, וואס אמאל אין זייערע יונגע יאהרען זענען זיי געוועזען שען און קלוג און האבען בעצייכענט הויכע בעגריפען. מיט דער צייט אבער איז אויף זיי ווי מען זאגט אנגעוואכסען מאך. פארשידענע מפרשים לעגען צו אלע מאל א נייעם טייטש, די ווערטער פארלירען ביסלעכווייז זייער פריהערדיגע בעדייטונג, זיי ווערען — ווי ה' וואלקאנסקי אין „פּאמאשטש" רופט זיי אן, „בעראבעוועט", און פון זייער ערשטען טייטש לאזט זיך אויס א בוידעם.

צו א זעלכע „בעראבעוועטע" ווערטער געהערט אויך דאס ווארט „נאציאנאליזם". א געזעץ פון דער נאטור, א הויכער געדאנק, איז ער מיט דער צייט געווארען אין די הענט פון נייע סארטען „נאציאנאליסטען" א מין פּיפּערנאטער, רחמנא לצלן.

ווי ווייט עס האבען פארגרעבט און פארדארבען דעם נאציאנאליזם פארשידענע שרייבערלעך, וואס דעקען צו מיט דער מאסקע פון נאציאנאליזם זייערע פאלשע נידריגע כונות, בעווייזט אונז דער פארפאסער פון דער קראניק אין „וויעסטניק יעווראפּי" ה Nr., אין וועלכער ער לערנט א פרשה בלק מיט די פּאטריאטין פון „נאוואיע ווריעמיא".

דער מחבר טיילט איין דעם נאציאנאליזם אין „גראבען" און „געבילדעטען" נאציאנאליזם. בשעת דער „געבילדעטער נאציאנאליזם" לעהרנט, אז מען זאל שעצען און נוהג כבוד זיין אלע איינגעשאפטען פון פרעמדע פעלקער, און ניט נאר זיי אין קיין שום זאך ניט בעשרענקען, נאר אפילו מיטצוהעלפען, אז זיי זאלען קענען זייערע נאציאנאלע איינגעשאפטען ענטוויקלען, ברענגט דער „גראבער" נאציאנאליזם צו גאנץ אומגעקעהרטע רעזולטאטען. אין פראנקרייך האט ער א לאנגע צייט געבראכט דערצו, אז אלץ וואס איז ניט פראנצויזיש זאל ווערען אויסגעלאכט און פארטריבען. אין דייטשלאנד האט ער געבראכט פארפאלגונגען פון גאנצע פעלקער און האט בעשאפען גרויסע פארטייען פון אונצופרידענע. אין ענגלאנד פארהאלט ער די אלגעמיינע ענטוויקעלונג און אין רוסלאנד ברענגט ער דאצו. אז מען זאל אויף גאנצע פעלקער אהן א שום בעווייז ווארפען א שאטען אין די אויגען פון דער מלוכה, און אז מען זאל זיך, על כל צרה שלא תהיה, אויסקלויבען פאר א כפרה־הינדל די פרעמדע נאציאנען, וואס וואהנען אין דעם לאנד. „אוי, נאציאנאליזם! — רופט אויס דער מחבר מיט די ווערטער פון איינע פון די קרבנות ביי דער פראנצויזישער רעוואלוציע — וויפיעל זענען אין דיין נאמען געשעהען שאנדטאטען און עולות!"...

„א וואסקא סלושאיעט, דא יעסט", — און די צייטונגען פון דעם בעוואוסטען סארט הערען אויס אזא מוסר, און טון זיך זייערס.

זאג א קאזאק: „שעמען זי זיך"...

---

דיר ווערד א גאנץ רעדל און מע נעמט דיך צו דער ארבייט גאר אויף איין אנדער אופן. איינער גיט איבער דעם אנדערען, ווער דו ביזט; דער זאגט, אז דו האסט זיך געוועהען ערגיץ מיט מאשקעלי גנב; דער זאגט, אז דו ביזט געקומען צופאהרען מיט מאשקעלי גנב און איינער זאגט שטילערהייד דעם אנדערען אויפ'ן אויהער, אז דאס ביזט דו אליין מאשקעלי גנב. און דו דאנקסט גאט, אז דו רייסט זיך ארויס פון זייערע הענט. און איך האב מורא, אז דו וועסט פארזאגען קינדס קינדער ניט פאהרען קיין מאזעפעווקע, ניט אפּשטעלען קיין יודען אין נאס און ניט נאכפרעגען זיך אויף מאשקעלי גנב ... גלייכער זאלסט מיר בעסער גלויבען אויף נאמנות, אז ס'איז געווען אין מאזעפעווקע א מאשקעלי גנב, א צירעלי, א חיים חסיד, וואס האט געהאט א שען ווייב, מיט שענע טעכטער, מיט עטליכע איידעמ'ס, מיט די אלע איבעריגע פארשוינען, וואס ווערען געבראכט אין מיין ראמאן. אי וואו זענען זיי אהינגעקומען? למאי וואו זענען אהינגעקומען אלע אייערע בעקאנטע פון אמאל? איינינע זענען געשטארבען, איינינע זענען זיך צעקראכען, צעלאפען ווי די מייז אין א הונגעריאהר. חיים חסיד'ס קעלער איז שוין לאנג צוגעמאכט, און די מאזעפעווקער אדונים קלויבען זיך שוין איצט צונויף אין קלוב אריין, נישט אין קיין וויינשענק, און מע שפּיעלט אין ווינט אדער אין פּרעפעראנס, און טרינקען טרינקט מען אדער געריינינגטען בראנפען 40 גראד, אדער קוואס, נישט קיין ווימאראזינג, איין עק, אויס ווימאראזינג! חיים חסיד אליין איז שוין לאנג אויף דער אמת'ער וועלט. די „חיימאווא" איז איין אלטע יודינע מיט א פּאריק, און חאטש דאס פּנים איז שטארק געקנייטשט און נעהט איינגעבוינען, פון רעכטווענען זעהט מען נאך היינט אויך, אז אמאל האט זי בעדארפט זיין א שענע יודינע. די טעכטער מיט די איידעמ'ס זענען איינציגוויז אריבערגעפאהרען קיין אמעריקא און מאכען דארט „א לעבען", און ס'איז א סברה, אז אלי־נח האט שוין לאנג אראפּגעווארפען דאס זיידענע קאשקעטל און טראגט שוין גאר א „העט" (קאפּעליש) און הייסט שוין גאר „מיסטער". (הערר) און לייענט א „פּיפּער" (א גאזעט) און עסט א „סטייג" (א מין געבראטענס) און טרינקט „א ביער" און פארבייסט מיט א „קעק" א מין לעקיך) און גיט זיך אפּ מיט „פּאליטישען" (פּאליטיק), ער שנייצט שוין ניט די נאז מיט איין פינגער, איין עק, — מיט איינעם ווארט אלי־נח איז שוין א גאנצער ענגלישמען און איז שוין „אלרייט"!... איך האב אליין געזעהען א „פּיקטשע" (א פּארטרעט), וואס אלי־נח האט צוגעשיקט צו זיינעם א חבר, בין איך נבהל ונשתומם געווארען! מע זאל מיר ניט זאגען, אז ס'איז אלי־נח, חיים חסיד'ס איידעם, וואלט איך זיכער מיינען, אז ס'איז אדער א רייטער פון צירק, אדער א שווייצער פון א גאסטהויז, אדער לכל הפחות א יודישער לאקיי אויף א געהויבענער חתונה. א גאנץ יאהר שלאגט ער אן מאטראצען, און אז סע קומט א רייכע חתונה, גאלט ער אפּ די מארדע, קראכמאלעט אן די וואנצים,

מיט דעם איידלערען „געבילדעטען" נאציאנאליזם איז מסכים אפילו פאני רעגינא איגור-ליליענטאלאווא אויך...

די פאני רעגינא איז דוקא ניט פון די חסידי אומות העולם ווי דער פריהערדיגער מחבר, זי איז אונזערע א שוועסטער, נאר א פוילישע. אונ ווי בעקאנט מוזען מיר די פויליש-יודישע „גראנד-דאמען" אבגעבען א שענעם יישר כח פאר יעדער הסכמה, אז יודען מעגען בלייבען יודען חאטש נאך א קורצע צייט..

מיט דעם ארטיקעל פון דער פאני רעגינא מאכט דער „פשעגלאנד טיגאדניאווי" (Nr. 22) זיינע טיר אונ טויערען אפען פאר דער „קוועסטיא זידאווסקא", פאר דער יודענפראגע, די רעדאקציע פון אונזער נייעם גוטען פריינד האלט ניט פון דער פאליטיקע צו פארמאכען די אויגען(?); פארקעהרט, זאגט ער, מען דארף קוקען דער געפאהר (?) „גלייך אין די אויגען". וואס פאר א געפאהר מיינט דער פסוק, זאגט ניט די רעדאקציע בפירוש, נאר עס איז ניט שווער צו פארשטעהן.

מיר וואלטען גאר ניט גערעדט פון דעם ארטיקעל אין „פשעגלאנד טיגאדניאווי", ווען ער וואלט געוועזען דער געוועהנליכער ויכוח מיט'ן ציוניזם, וואס איז אונז שוין לאנג מאוס אונ מאוס געווארען אין דער פולישער פרעסע. נאר אין דעם מאמר פון פרוי ליליענטהאל העֶרען מיר עפיס א נייעם נגון. א פרישען מאטיוו, אונ דעריבער האלטען מיר אויף די אויפמערקזאמקייט פון אונזערע לעזער אויף איהם.

די פרוי ל. מיינט אויך, ווי אלע חברים אונ חברת'עס, אז דער סוף פון דער יודישער פראגע איז די אסימילאציע; נאר איהר טאקטיקא איז איין אנדערע. „קיין שום געוואלט אונ דרוק זענען ניט אימשטאנד — זאגט זי ריכטיג — ארויסצוררייסען פון דעם יודישען הארצען זיינע בעזונדערע אייגענשאפטען, וואס זיי זענען זיין נשמה". „לאזען מיר שוין א מאל אויפהערען מעסטען דעם ''lud'' [חס ושלום ניט פאלק] מיט דעם מאס פון בעגריפען, וואס זענען איהם גאנץ פרעמד, אונ האלטענדיג טאקי מלחמה מיט דעם ציוניזם, זאלען מיר שוין אויפהערען צו פראטעסטירען א קעגען דעם ערוואכען פון דעם יודישען נאציאנאלען זעלבסטגעפיהל. דער יודישער „ליוד" וויל זיך ענטוויקלען נאך זיין שטייגער, דעריבער מוז מען איהם לאזען, ווי יעדעם אנדער פאלק, פריי ענטוויקלען זיין קולטור". א. ז. וו.

די פאני רעגינא רעדט נאך אלץ וועגען דעם יודישען פאלק בלשון נסתר, אזוי ווי זי אליין וואלט געוועזען א געבארענע פרינצעסין פון פארצייטיגען פוילען, זי רופט איהם נאך אלץ אן „ליוד", — נאר עס איז ניט שווער צו דערקענען אין איהרע ווערטער א טרויריגען „אל מלא רחמים" אויף דער אסימילאציע. די אמאליגע פארשימעלטע קנעכטישע דעות געהען ביסלעכוויים אוועק, אונ פרישע יונגע שטראמען טרעטען איין אין אונזער לעבען, כדי צו ערפילען מיט נייע כחות דעם אלטען-יונגען יודישען פאלק.

דער אמת געהט! —

---

מיט'ן זשארגאן-ויכוח איז שוין לאנג שטיל געוועזען, איז געקומען ה' ד"ר קלויזנער אין השלוח העפט 4 אונ אנגעהויבען די פרשה אויף דאס ניי.

ד"ר ק. איז זיך מודה ומתודה, אז ער האט אמאל אליין אויך געזינדיגט אונ געשריבען זארגאנישע מאמרים. נאר אין איין שענעם טאג (דוקא א שענער) איז איהם אריין א מורא: טאמיר וועט דער זשארגאן פון א מיטעל צו פארשפרייטען בילדונג ווערען א צוועק פאר זיך. דעריבער ראט ה' ד"ר ק.: אוועקווארפען שרייבען אין גאנצען זשארגאן קאנען מיר ניט, נאר וועניגסטענס זאל מען זיך בעמיהען, אז מען זאל טון „די שלעכטס וואס וועניגער"!

ה' קלויזנער איז במחילת כבודו זיך שטארק טועה אויב ער מיינט, אז וואס פאר א שרייבער עס איז קאן רעגולירען אזא נויטווענדיגקייט ווי די זשארגאנישע ליטעראטור. דער בית המדרש'דיגע פלפול האט אויף אונז יודען אנגעחתמ'עט אזא סטעמפעל, אז מיר האבען זיך לאנג מפלפל געוועזען צי לעבען מיר צי ניט. ערשט זענען מיר זיך מפלפל, צי דארף דער זשארגאן זיין אדער אחת דתו להמית, חס ושלום.

---

ציהט אן אויף זיך צוויי זשילעטען, א פאפירענע מאנישקע מיט א ווייסען שניפס אונ פון די ברייטע מאנושעטען שטעקען ארויס צוויי גרויסע רויטע הענט מיט שווארצע נענגעל... אט וואס הייסט א פריי לאנד!

אצינד בלייבט נאך איבער איינם: וואס הערט זיך מיט מאשקעלי גנב אונ מיט זיין ווייב צירעלי? — דערויף בעדארף מען בעטען דעם עולם, ער זאל זיך מטריח זיין לייענען ווייטער.

---

## קאפיטעל יט.

## העניך דער חזן זוכט א שטאדט.

פון יענער צייט, וואס ווערד באשריבען די דאזיגע היסטאריע, איז אוועקגעגאנגען עטליכע יאהר. עס האבען זיך געשטעלט די אומעטיגע וויינענדיגע טעג, באמע אלול צייט, ווען יודישע קינדער לאזט מען פריי, גרויסע יודען לערנען זיך בלאזען שופר, חזנים פאהרען זוכען שטעדט, מלמדים — קנעלונגען, אונ דער הימעל, באדעקט מיט שווערע בלייענע וואלקענס קלאגט אונ וויינט אויף דעם אוועקגעגאנגענעם זומער מיט קאלטע טרערען.

אין איינעם פון די דאזיגע טעג, איז העניך דער שוחט, אדער העניך דער חזן, (ער איז ביידע זאכען) געפאהרען פון סעקוראן קיין בריטשאן זוכען זיך א שטאדט אויף צו דאווענען ימים נוראים.

העניך איז געוועזען הייסט עס א „וועלט-חזן", נאר ניט פון די וועלט-חזנים, וואס זענען באריהמט אין דער וועלט, נאר פון יענעם מין „וועלט-חזנים", וואס פאהרען אויף דער וועלט זוכען זיך איין עמוד; אמאל געפינען זיי אונ אמאל ניט, אונ אז זיי געפינען, דאווענען זיי אדער שחריתים, אדער מוספים, אדער שחריתים מיט מוספים אינאיינעם, ווי אזוי עס לאזט זיך. קיין יקרן איז אונזער העניך נישט געווען קיין מאל; מעהר פון זיבעציג קארבען שוין מיט דער „שיסעל" האט ער קיין מאל נישט פארלאנגט אפילו, אדרבה, מע דערציילט אין מאזעפעווקע א מעשה (אויף איטליכען באזונדער האט מאזעפעווקע א מעשה), אז העניך איז אמאל געקומען אין א שטעדטל, אפגעדאווענט א שבת אונ איז שטארק געפעלען דעם עולם, מחמת ער האט טאקי געהאט וועהר א ריינע „כלי" אונ א שענעם „חתוך הדבור", אז ס'איז געקומען צום באדינגען זיך אונ ער האט דערהערט, אז מע וויל איהם באצאהלען פאר ימים נוראים א גאנצען הונדערטער אחוץ דער שיסעל, האט ער געחאפט דעם שטעקען אונ איז אנטלאפען, געזאגט: „אויב אזוי זוכט אייך איין אנדער חזן"... נאר דאס געהר זיך שוין אן מיט העניכ'ן, ניט מיט אונזער ראמאן. בכן קעהרען מיר זיך אום צוריק צום ראמאן.

ביז דער סטאנציע אקניצע איז העניך געפאהרען מיט דער באהן אונ פון אקניצע מיט א בעל-עגלה גלייך קיין סעקוראן אויף ימים

קיינער פון אונזערע ברידער, וואס פארשטעהט אויף קלאר אין וואס עס בעשטעהט אונזער נאציאנאלער אידעאל, וועט ניט בעהויפטען, אז דער זשארגאן איז אונזער נאציאנאל־שפראך. מיר דארפען האבען א גוטע געזונטע זשארגאן־ליטעראטור, ווייל לײדער האבען מיר א סך ברידער, וואס פארשטעהען קיין אנדערע שפראכע ניט. כל זמן דאס גאנצע יודישע פאלק בעזיצט נאך ניט אונזערע אמת'ע מוטערשפראך — העברעאיש — איז דאס א חוב מוטל אויף די יודישע שרייבער'ס וויסענשאפט, געזונטע דעות און פיינעם געשמאק אריינצובריינגען אין אונזער פאלק, אין דער איינציגער שפראך, וואס איז איהם פארשטענדליך — אין זשארגאן. — דער זשארגאן דארף אלזא בעטראכט ווערען אלץ מיטעל צו פארברייטען יודישע און אלגעמיינע וויסענשאפט און צו פארפלאנצען אין די הערצער פון אונזערע ברידער אונזערע נאציאנאלע אידעאלען. — אט די פליכט זייערע מוזען יודישע שרייבער'ס דערפולען, דאס האט מען פון זיי דאס רעכט צו פאדערען, און דער וואס האט מורא — דער זאל לייענען קריאת שמע. מיר זענען בטוח, אז קיין שום שפראך וועט קיינמאל ניט קאנען קאנקורירען מיט אונזער אמת'ער נאציאנאל שפראך — לשון הקדש.

מ. נ. סירקין.

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

אין פאריגען נומער האבען מיר געבראכט די ידיעה, אז דער קארעספאנדענט פון „טיימס“ איז ארויסגעפאהרען פון פעטערסבורג. ווי די לעצטע ידיעות מעלדען איז ער נישט מיט זיין גוטען ווילען ארויסגעפאהרען, נאר מען האט איהם ארויסגעשיקט. דער „פראווית. וויע.“ שרייבט, אז די סבה וואס מען האט איהם ארויסגעשיקט איז, ווייל ער האט אפט אין זיינע קארעספאנדענציעס זיך בעמיהט צו מאכען א שנאה צווישען ענגלאנד און רוסלאנד און די לעצטע צייט האט ער געשריבען פאלשע ידיעות וועגען א צירקולאר פון מיניסטער דעם אינערן צום בעסאראבער גובערנאטאר.

— די רוסישע רעגירונג האט ערלויבט צו לעהרנען, אין דעם גאנצען ווארשעווער שול־ראיאן די קאטוילישע רעליגיאנס־לעהרע אין דער פוילישער שפראך.

— די איינוואהנער פון דער שטאדט ס. דזשאן אין קאנאדא (אמעריקא) האבען נישט אנגענומען די נדבה פון דעם מיליאנער קארנעדזשי אין א סומע פון 50,000 דאלאר, אויף צו בויען א ביבליאטהעק, ווייל דער מיליאנער האט זיין געלד ערווארבען נישט אויף דעם עהרליכען וועג.

— אין צפון אמעריקא איז געוועזען גרויסע וואלד־שרפות, מען שאצט דעם שאדען דורך די שרפות אויף 70 מיליאנען מארק.

— פיעל שטעדט אין אמעריקא, וועלכע געפינען זיך ביי דעם טייך מ י ס י פ י זענען פארטרונקען געווארען, דער טייך איז געשטיגען אויף 10 מעטער. 20 מענשען זענען דערטרונקען געווארען און טויזענטער האבען נישט וואו צו וואהנען.

— א שפיטאל אין פעטערסבורג האט באקומען פון דעם פארשטעהער פון שפיטאל 800,000 רובל.

## איין איבערפאל אויף קייזער פראנץ יאזעף.

פרייטאג דעם 12 יוני ווי דער קייזער איז געפאהרען דורך די מאריאהילפער שטראסע אין וויען קיין שענברון אין זיין בורג איז פונ'ם טראטואר צוגעשפרונגען א יונגערמאן מיט איין אויפגעהויבענעם שטעקען אין דער האנט צום עקיפאזש. מענשען זענען צוגעלאפען און מען האט איהם איינגעהאלטען. באלד זענען פאליציי־לייט צוגעגאנגען און מען האט איהם ארעסטירט, ביי דער פאליציי האט מען איהם דערקענט, אז דאס איז דער משוגע'נער יעקב רייך, אין דוקלא (גאליציע) געבארען. ער איז שוין געוועזען אין משוגעים־הויז און מען האט איהם ארויסגעלאזט, ווייל מען האט דערקענט, אז ער טוט קיינעם גאר נישט ער בילדעט זיך איין, אז ער איז נאטס זוהן. נישט לאנג איז ער אריין אין קייזערס בורג און האט געבעטען מען זאל איהם צו לאזען צום קייזער. ער האט איהם עפיס וויכטיגעס צו זאגען וועגען דער פרינצעסין לואיזא פון זאכסען. דעם זעלבען טאג פונ'ם איבערפאל איז ער געוועזען אין פארלאמענט־געביידע און האט זיך געקלאגט, אז די פאליציי דירעקציע וויל איהם ניט געבען א רייזע־פאס קיין חינא, אז מען האט איהם פון דארט אבגעזאגט איז ער ארויס בייז און האט געטראפען דעם קייזער פאהרען און ווי עס שיינט האט ער געוואלט אויך פאר

---

נוראים. איז דאך די קשיא: וואס עפיס קיין סעקוראן? למאי נישט פילעשט אדער קיין יעדינעץ? פילעשט און יעדינעץ איז דאך אסך נעהנטער ווי סעקוראן? איז דער תירוץ: פון וואנען ווייסט איהר, אז העניך איז נישט געוועזען אין פילעשט און אין יעדינעץ? אפשר זענען די פילעשטער מיט די יעדינעצער יודען אזעלכע שארפע מבינים אויף „נגינה“, אז העניך איז פאר זיי צו קליין? אדער אפשר פארקעהרט, פילעשט און יעדינעץ זענען פאר העניכ'ן צו קליין? וואס קאן מען וויסען? א פיש זוכט וואו טיעפער, א מענש—וואו בעסער... בקצור העניך איז געפאהרען קיין סעקוראן, האט ער אבער אין סעקוראן פארשפעטיגט; דארט האט נאר וואס פארחאפט דעם עמוד איין אנדער חזן, עפיס איינער א מאניש בערשעדער, א גוטער „דראנג“ און קאן קיין שייטעל עברי ניט; העניך קען איהם, נאר ס'איז ניט זיין עסק; ער וועט ניט געהן קאלי מאכען א יודען פרנסה, העניך איז ניט אזא מענטש... און ער האט געמוזט פאהרען פון סעקוראן קיין בריטשאן.

געפאהרען פון סעקוראן קיין בריטשאן איז העניך מיט א בעל־עגלה, געוויינטליך ניט אליין, מיט נאך יודען און מיט נאך ווייבער, און מחמת אין דרויסען איז געוועזען שוין רעכט קיהלבליך און העניכ'ס בגדים זענען געוועזען ערטערווייז אויסגעטריפעט און ערטערווייז מחילה צעטרענט, האט ער זיך איינגעהילט אין א גרויסען ווארעמען שאל. געהיט די כלי, ער זאל זי חלילה ניט צוקיהלען.

תחילת האבען די פארשוינען צווישען זיך פארפיהרט א ברייטען שמועס מכח מה שמכם, פון וואנעט איז א יוד און וואוהין פאהרט מען? ווי געוויינטליך און זַז מע האט זיך שוין גוט אנגערעדט און אנגעזיפצט אויף די היינטיגע פרנסות מיט די היינטיגע בשורות טובות ישועות ונחמות אויף יודען, איז מען מיט אמאל געווארען שטיל, זיך פארטראכט איטליכער אין זיינע עסקים מיט זיינע דאגות. אויך העניך איז געוועזען פארטיפט אין זיינע מחשבות; העניך האט, נישקשה, געהאט וואס צו טראכטען, ווארום טאמער חלילה לא יעלה ולא יבא פארשפעטיגט ער בריטשאן אויך, בלייבט ער דאך אויף היינטיגען ימים נוראים לחלוטין אהן איין עמוד...

פלוצלינג, ווי ער טראכט אזוי, דערזעהט העניך, פונקט אויפ'ן מיט וועג צווישען סעקוראן און צווישען בריטשאן, א פארטיע ארעסטאנטען נעהען מיט'ן עטאפ פארוייז געשלאסען א האנט צו א האנט און זוויאקען מיט די קייטען, פון אונטען איז נאכגעפאהרען א גרויסער וואגען מיט ווייבער און קינדער. העניך, וואס איז געוועזען פארטיעפט אין זיינע מחשבות וואלט געוויס דורכגעלאזט דעם עטאפ פארביי דער נאז, איהם אין זינען געהאט ווי דעם פאראיאהריגען שניי; וויים איך, גנבים, באסיאקעס, חאפט זיי דער וואטענמאכער! נאר ער ווייסט אליין ניט וואס מיט איהם איז געשעהן; צווישען די ארעסטאנטען האט ער דערזעהען עפיס איינעם א פארשוין א שווארצען מיט א שווארצער

דעם קייזער זיך קלאגען וועגען פאס. פאר דער פאליציי האט ער געזאגט, אז האט נאר אויפגעהויבען דעם שטעקען פאר א סימן, דאס עקיפאזש זאל בלייבען שטעהן. א קאמיסיע פון דאקטוירים האט דעם יונגען מאן אונטערזוכט אונ האט געפונען, אז ער איז אונהיילבאר משוגע. מען האט איהם איבערגעגעבען אין משוגעים־הויז. די אנטיסעמיטישע צייטונג „דייטש. פאלקס־בלאט" האט דאס בענוצט צו העצען געגען יודען, זי בעהויפטעט אז רייך איז נאר נישט משוגע, נאר אלע יודען זענען פארברעכער. די אנטיסעמיטען קענען נישט איבערטראגען, אז ביי אזא גוטער געלעגענהייט, ווי א יוד איז איבערפאלען דעם קייזער, זענען נישט חאטש הונדערטער יודען געהרג'עט געווארען אונ די יודישע געשעפטען אויסגערויבט.

## II. יודישע נייעס.

**רוסלאנד.** אין פארט־ארטור, וועלכעס האט אמאל געהערט צו חינא אונ היינט געהערט עס צו רוסלאנד, געפינען זיך 17,709 איינוואהנער, דערונטער 143 יודען.

— אין אשמינא (ווילנער גוב.) איז געוועזען א גרויסע שרפה, הונדערט פאמיליען זענען געבליבען אהן ברויט.

— ווי די אדעסער צייטונגען שרייבען וועט די טעג מאקס נארדאו דורכפאהרען אדעס, וואו ער וועט פארברענגען א פאר טעג. פון אדעס פאהרט ער קיין קרים.

— אונזער בעוואוסטער היסטאריקער ש. דובנאוו פאהרט ארויס פון אדעס אונ בעזעצט זיך אויף שטענדיג אין ווילנא, ווי „אד. נאוו." שרייבט איז דער צוועק פון זיין איבערפאהרען צו ארבייטען אין אלטען ארחיוו, וועלכער געפינט זיך אין ווילנא.

**דייטשלאנד.** דעם 5טען יוני איז אין בערלין געשטארבען דער יודישער דאקטאר זאקס פון דער רושומא: פון וועלכע ער האט זיך אנגעשטעקט ביי זיינע מעדיצינישע וויסענשאפטליכע פארשונגען, וואס ער האט געמאכט אין דעם אינסטיטוט פאר אנשטעקענדע קראנקהייטען אין בערלין.

**ענגלאנד.** אין קורצען וועט די קאמיסיאן וועגען איינוואנדערער אין לאנדאן ענדיגען איהרע ארבייט. ביי דער לעצטער זיצונג האט מען אויסגעהערט די מיינונג פון מעהרערע געשעפטס־פיהרער. א געוויסער פאבריקאנט פון קליידער ה' אלפרעד ריטשארדס, א געבארענער ענגלענדער האט אויפגעוויזען, אז די אריינגעקומענע יודען האבען זעהר פיעל געווירקט צו פארברייטערן דעם קליידער־האנדעל אונ האט זעהר געלויבט די יודישע ארבייטער, אז זיי זענען פיעל פלייסיגער פאר די ענגלישע ארבייטער. אין זיין פאבריק געפינען זיך 1,500 ארבייטער, א העלפט דערפון זענען איינגעוואנדערטע יודען.

— פון לאנדאן שרייבט מען, אז די יק"א וועט קירצליך אנהייבען צו גרינדען קאלאניעס פאר יודען אין בראזיליע אין דעם געגענד פון די גראנדא נישט ווייט פון די דארטיגע דייטשע קאלאניעס.

- דעם 8 יוני איז מען בעפאלען אין מזרח לאנדאן אויף 20 יודישע וואהנונגען, צעבראכען די פענסטער אונ אויסראבירט די קראמען, אויך זענען דריי יודען פערוואונדעט געווארען.

**פראנקרייך.** די חקירה ודרישה וועגען דער טיארא פון סיטעפארעס אין פאריז האט זיך געענדיגט. דער פראנצויזישער פראפעסאר קלערמאן גאנא האט דערקלערט דעם מיניסטער פאר פאלקס־בילדונג, אז די טיארא איז נישט די ריכטיגע, אז דאס איז נאכגעמאכט פון דעם יודישען גראווער ישראל ראחומאווסקי אויס אדעסא.

**אמעריקא.** אין חודש אפריל זענען אנגעקומען אין ניו־יארק 2470 יודישע עמיגראנטען, דערפון זענען 1382 געוועזען פון רוסלאנד, 673— פון עסטרייך, 372 פון רומעניע אונ די איבריגע פון אנדערע לענדער. 1961 פון זיי זענען געבליבען אין ניו־יארק אונ די איבריגע האבען זיך באזעצט אין אנדערע שטעדט.

— אין דער יודישער געמיינדע אין ניו־יארק האט זיך געגרינדעט א פעראיין, וועלכער האט זיך אונטערגענומען צו בויען א יודישען פריוט פאר קליינע יודישע פערברעכער. די געביידע פון דעם פריוט וועט קאסטען איין מיליאן דאלאר.

## III. ציוניסטישע נייעס.

— דער סעקרעטאר פון דער יודישער קאלאניאל־באנק, איז מודיע אין נאמען פון די דירעקטארען, אז די זעכסטע אלגעמיינע אסיפה פון אקציאנערען וועט זיין אין באזעל, פרייטאג, 5 טאג אין אלול (28 אויגוסט), צעהן א זייגער אין דער פריה, אין דעם זאל קאזינא.

דאס פראגראם פון דער פערזאמלונג:

1) דער ראפארט פון דעם דירעקטאריום אונ פון די אפיציעלע קאנטראליארען.

---

פאטלע אונ מיט א שווארצער בארד, אונ ער וואלט געמעגט שווערען אז ס'איז א יוד, אונ נאך א קענטליכער דערצו, זעהר א קענטליכער! ווער דאס איז—האט ער בשום אופן נישט געקאנט זיך דערמאנען, ווי פיעל ער האט זיך ניט געבראכען דעם מח אונ געריבען דעם שטערן.

אונ מחמת ער האט זיך שוין אזוי פאראינטערעסירט מיט'ן קענטליכען פארשוין, האט ער שוין במילא גענומען בעטראכטען דעם וואגען מיט ווייבער אונ קינדער אויך, אונ ער האט דערזעהען צווישען זיי איינע א יפהפיה מיט א רויט שאלעכל אויפ'ן קאפ אונ מיט א קינד אויף די הענט. ער וואלט שווערען אז ס'איז א יודישע טאכטער אונ א קענטליכע, אבער טאקי גאר א קענטליכע!

— ווייס איך וואס עס קאן זיך אמאל אויסווייזען — אזוי האט העניך א זאג געטהאן צו זיך אליין אונ האט זיך א גלעט געטהאן ביי די פלעשעלדיגע פאות אונ איינגעהילט זיך אין דער ווארעמער שאל. פלוצלינג דערהערט ער, עמיצער רופט איהם אן ביים נאמען.

— רבי העניך! רבי העניך!

---

## קאפיטעל כ.

### א מעשה! א מעשה!

העניך דרעהט אויס דעם קאפ — דאס רעדט צו איהם די יפהפיה וואס מיט'ן רויטען שאלעכל אונ מיט'ן קינד אויף די הענט... פון העניכ'ן איז געווארען א שטיק זאלץ: „ווער קאן דאס זיין?...

— רבי העניך, איהר האט מיך גאר ניט דערקענט? איך בין דאך צירעלי, חיים'ס טאכטער, חיים חסיד'ס יונגערע טאכטער! אז איהר וועט קומען אהיים קיין מאזעפעווקע זאלט איהר למען השם לאזען גריסען דעם טאטען אונ דער מאמען אונ אלע אונזעריגע גאר פריינדליך, אונ זאלט זיי מוחל זיין זאגען, אז מיר געהען קיין אירקוטסק... למען השם, רבי העניך, לאזען גריסען דעם טאטען...

צירעלי האט נאך עפיס גערעדט, געמאכט צו איהם בשעת מעשה מיט די הענט, נאר מחמת די פיהרען זענען שוין געוועזען איינס פון דאס אנדערע ווייטליך, האט מען שוין מעהר נישט געקאנט הערען פון איהר גאר ניט, ער האט נאר געהערט א געלעכטער צווישען די ארעסטאנטען, פון עטליכע מיט אמאל, אונ א משונה מאדנע ליעדעל, אונ דוקא צום גראס, מיט אזעלכע ווערטער, וואס ס'איז שווער צו פארשטעהן פון זיי דעם פשט:

II) דער באלאנס.

III) די וויבארעס פון דירעקטארען און קאנטראליארען.

IV) די פראגע, ווי איינצוטיילען דעם דיווידענד (דעם ריוח) פון פאריגען יאהר.

V) פערשידענע ענינים.

די ביכער פון די אקציאנערען, ווי אויך די ביכער, וואו עס ווערען איינגעשריבען די אקציעס, וועלכע ווערען איבערגעגעבען פון איינעם צום אנדערען, וועלען זיין געשלאסען פון דעם 14־טען ביז דעם 28־טען אוגוסט.

— די מינסקער פאליציי האט פערקלאגט די ציוניסטען ה' בערגער און פרוי כהן, ווייל זיי האבען ביי ה' בערנער אין הויז געמאכט א ציוניסטישע אסיפה, דער ריכטער אבער האט די אנגעקלאגטע בעפרייט.

— פון דעם 16 ביז דעם 18 יוני וועט אין ביאליסטאק זיין א גרויסע אסיפה פון די פאליטישע ציוניסטען, אויף וועלכע עס וועלען בעהאנדעלט ווערען וויכטיגע פראגען.

---

# ידיעות וועגען קישינוב.

— אין ניו־יארק איז געוועזען א גרויסער מיטינג (אספה), אויף וועלכען קלעוולענד, דער געוועזענער פרעזידענט אין אמעריקא, איז געוועזען דער פארזיצענדער. דער צוועק פון דעם מיטינג איז געוועזען אויסצודריקען א בעדויערען וועגען דעם פאגראם אין קישינוב און צו טרייסטען די פאראומגליקטע יודען פון דארט. אויף דער אספה זענען צוזאמע־געקומען איין ערך פון 18 טויזענט מענשען. אזוינע גרויסע מיטינגען זענען אויך געוועזען אין טשיקאגא, באסטאן, פילאדעלפיע, סינסענאטי און ס"ט לואיז.

— אין ירושלים האט מען געזאמעלט געלד פאר די פאראומגליקטע קישינובער יודען.

— ביי די אלגעמיינע ציוניסטישע פערזאמלונג אין לאנדאן האט מען געמאכט הזכרות נשמות די הרוגים פון קישינוב.

— דער הילפס־פעראיין פאר קישינוב אין ראם, ביי וועלכער דער געוועזענער יודישער מיניסטער לואיגי לוצאטי איז דער פרעזידענט, האט בעשלאסען צו פראטעסטירען גענגען דעם שרעקליכען אומגליק, וואס מען האט אויף די קישינובער יודען געבראכט.

— אוים אמעריקא איז אנגעקומען אין קישינוב ה' דעוועט, א ברודער פון דעם בורישען גענעראל דעוועט, אלס דעלעגאט פון 4 אמעריקאנישע צייטונגען און האט מיט זיך מיט געבראכט 100,000 רובל פאר די פאראומגליקטע יודען.

— די רוסישע טהעע־פירמא ק. עט ס. פאפאוו אין מאסקווא האט איבערגעגעבען דעם ראבינער פון מאסקווא י. מאזה 2000 רובל אוועקצושיקען צום קישינובער הילפס־קאמיטעט, א חוץ דעם האט דער ראבינער מאזה בעקומען נאך 1000 רובל, וועלכע די אגענטען פון דער אייגענער פירמא אין ווארשא האבען מנדב געוועזען פאר זייערע פאראומגליקטע ברידער.

— א דרוקער אין ראסטאוו האט אבגעדרוקט די בעוואוסטע רעדע פון יאהאן קראנשטאדסקי וועגען קישינובער פאגראם אין 10 000 עקסעמפלארען. די רעדע צעטיילט מען אומזוסט.

— דער פעראיין „געגען אנטיסעמיטיזם" אין וויען האט געשיקט א טרייסט בריף צו די קישינובער יודען און אין הילפס־פעראיין אריינגעשיקט 200 קראנען.

— ביז דעם 20 מאי איז אנגעקומען אויף דעם פראיעקט פון ה' אוסישקין (צו שיקען די יתומים פון די קישינובער הרוגים אין ארץ ישראל און זיי מאכען דארטען פאר קאלאניסטען) ביז 6000 רובל.

— צום קישינובער הילפס־קאמיטעט זענען אנגעקומען ביז דעם 15־טען מאי בעקאנטמאכונגען פון 2216 מענשען, וועלכע האבען געליטען היזיקות בשעת דעם פאגראם אויף, 1,897,040 רובל. עס זענען אבער נאך דא פיעל, וואס האבען געהאט שאדען און דערלאנגען נישט צום הילפס־קאמיטעט, ווייל זיי זענען רייך און ברויכען נישט קיין שטיצע געלד, פאר די פאראומגליקטע אין קישינוב איז אנגעקומען ביז דעם 15 מאי 450,000 רובל.

---

„אי, יענקל, שרה, מייש!

גיי מיר בראנחען, גיי מיר חלייש;...

עס ווייזט אוים, אז דאס לידעל איז דעם עולם געווען שטארק געפעלען, ווארום דער גאנצער עטאפ, אחוץ דעם קאנוואי, האט שטארק אנגעקוואלען, און ניט אזוי פונ'ם לידעל, ווי פון דעם, וואס איינער פון דער חברה ארעסטאנטען, א הויכער פארשוין מיט א רויט געשטיפעלט פנים, האט אריינגענומען איין עק פאלע פון דעם גרויען שינעל אין מויל אריין, געקוקט אויף העניכ'ן, און האט לאנג געטרייסעלט מיט'ן קאפ הין און צוריק, בכדי צו דערגרנ'נען דערמיט די יודען...

העניך האט איהם אבער געהערט ווי המן דעם גראגער. ער איז געווען פארנומען מיט זיינעם. ער איז געווארען אויסער זיך פון דעם ראזינען באנעגעניש, ער האט זיך אנגעשטויסען על פי סברה, אז יענער שווארצער יונגאטש מיט דער בארד בעדארף זיין טאקי איהר מאן, מאשקעלי גנב, און ער האט נישט אויפגעהערט וואונדערען זיך און רעדען צו זיך אליין:

— א מעשה! א מעשה! וואס סע קאן זיך טרעפען אויף דער וועלט!

די איבעריגע פארשוינען, וואס זענען געפאהרען מיט העניכ'ן אויף איין פוהר, האבען זיך געוויינטליך שטארק פאראינטערעסירט מיט דער ראזינער „מעשה"; נאר וויפיל זיי האבען איהם ניט דערקוטשעט ער זאל זיי דערציילען ווער איז אט די בחור'טע, וואס האט דורך איהם איבערגעגעבען אזא פריינדליכען גרוס אהיים, און וואס איז דאס פאר א „מעשה"? — האבען זיי אבער פון איהם נישט געקאנט ארויסציהען גאר ניט. העניך דער חזן האט ניט אויפגעהערט צו מאכען מיט די הענט, היצען זיך, און איבערחזר'ען נאך אמאל און נאך אמאל:

— א מעשה! א מעשה! וואס סע קאן זיך פארלויפען אויף דער וועלט!

— פארט וואס? דערצייהלט אונז אויך די מעשה, לאמיר הארכען!

— ס'איז א מעשה וואס טרעפט זיך, הערט איהר, איין מאל אין טויזענט יאהר! א מעשה! א מעשה! וואס סע קאן זיך פארלויפען אויף דער וועלט! א מעשה! א מעשה!

און מעהר האט העניך נישט געקאנט זאגען גאר ניט; ער האט נישט געוואוסט פון וואנען ער זאל אנהויבען: צי פון איהר, צי פון איהם, צי פון דעם וואס איז געווען נאכדעם, צי פון דעם וואס איז געווען פריהער, — און אויף העניכ'ס פנים איז געבליבען פארגליווערט א ביטער שמייכעלי, און זיינע זכרונות האבען איהם אויפגעכאפט ווי א רוח דעם מלמד און האבען איהם אוועקגעטראגען העט־ווייט, ער ווייסט אליין ניט וואוהין, ערגיץ אינטער די הרי חשך... און דער ווינט

— א קאלישער יודישער ארימאן, וועלכער לעבט פון קצבה, האט מנדב געווען דעם רובל, וועלכען ער בעקומט דערפאר, וואס ער לאזט זיך אויפרופען צו דער תוכחה, פאר די פאראומגליקטע יודען פון קישינוב.

— אין ראנגון (אינדיע) האט דער „בודאאיסטען פעראיין" געמאכט איין אספה, אויף וועלכער עס איז געזאמעלט געווארען געלד פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.

## ווידער קרושעוואן.

קרושעוואנס צייטונג „זנאמיא" דערציילט.

„דעם 23 מאי איז קיין קראנשטאדט געקומען צו דעם גייסט־ליכען יאהאן קראנשטאדסקי איין אנגעזעהענער מענש פון קישינוב, וועלכער פארנעמט א הויכע געזעלשאפטליכע שטעל. דער מענש האט גערעדט מיט יאהאן קראנשטאדסקי און דערקלערט איהם די אמת'ע סבות פון פאגראם.

דערויף האט דער גייסטליכער געזאגט:

— איך ווייס שוין אלץ, און מיך פארדריסט דאס, וואס איך האב פריהער געזאגט, איך האב שוין ארויס געשיקט פאר די פאמי־ליעס פון די קריסטען פריהער 300, דערנאך 500 רובל.

אז דער קישינובער אורח האט ווידער אנגעהויבען צו רעדען און געשילדערט די שווערע לאגע, אין וועלכע, לויט זיין וויסען, געפינען זיך די פאמיליעס פון די ארעסטירטע, ווי אויך הונדערטער קריסטליכע בעלי־מלאכות, וואס האבען איצט קיין מלאכה נישט ביי יודען, האבען זיך טרערען בעוויזען ביי יאהאן קראנשטאדסקי אין די אויגען, און ער האט געזאגט מיט א טיעפען אומעט:

— „איך האב געוואלט שרייבען די קישינובער קריסטען. איך וועל אנשרייבען א בריף".

מען האט תיכף איהם דערלאנגט טינט און פאפיר און ער האט פאר אלע געסט אין די אויגען אנגעשריבען אויף א קליינעם בויגען פאפיר זיין בריף, בעמערקענדיג, אז ער ערלויבט איהם צו דרוקען.

און אט דאס איז דער בריף.

„צו די ליבע ברידער די קריסטען פון קישינוב:

פון די שפעטערדיגע ידיעות וועגען קישינובער פאגראם, וואס האבען זיך געדרוקט אין די צייטונגען, האב איך מיט זיכערקייט איינגעזעהען, אז די יודען אליין זענען געווען די סבה פון די גזילות און רציחות, מיט וועל־כע עס האבען זיך אויסגעצייכענט דער 6 און דער 7 אפריל. איך האב דערזעהן, אז געליטען האבען סוף כל סוף די קריסטען, די יודען אבער זענען פאר זייערע היזקות און וואונדען דאפעלט בעלאהנט געווארען פון זייערע אייגענע און פרעמדע ברידער. דאס ווייס איך פון בריף, וואס מיר האבען געשריבען אויפריכטיגע מענשען, וועלכע וואהנען שוין לאנג אין קישינוב און ווייסען גענוי אלץ, וואס עס האט זיך דארט געטאן. דערום רוף איך אויס צו די קישינובער קריסטען: זייט מיר מוחל, וואס איך האב אייך געשטראפט פאר די געטאנענע בויאנסט־ווען, איך ווייס איצט פון בריף, אז מען טאר ניט בעשולדיגען די קריסטען אליין, ווייל זיי זענען ארויסגערופען געווארען אויף די בוי־יאנסטוועס דורך די יודען גופא, און אז אין פאגראם זענען שולדיג דערהויפט יודען אליין.

פראטאריערעי פון קראנשטאדט יאהאן סערגיעוו.

23 מאי 1903 קראנשטאדט".

ווער איז אבער אין שטאנד אומצוקערען די יודישע יתומים זייערע דערהרג'עטע עלטערן?

„נאוואסטי" רופט אן די גאנצע מעשה, אז עס איז איין אונגע־וועהנליכע אונגערווארטעטע און שרעקליכע געשיכטע.

## די רציחה אין סערביע.

מיטוואך דעם 10 יוני 11 דעם זייגער ביינאכט האבען א גרויסע צאהל אפיצירען זיך אריינגעבראכען אין סערבישען קעניגליכען פאלאץ אין בעלגראד און זענען אריין צום סערבישען קעניג אלכסנדר אין צימער און דעם קעניגס־אדיוטאנט פאלקאווניק נאאומאוויטש האט איהם פארגעלעגט א פאפיער, אויף וועלכען ער זאל זיך אונטער־שרייבען, אז ער זאגט זיך אב פון דער מלוכה און גיט זי איבער דעם פירסט פיאטער קאראגעארגעוויטש. דער קעניג איז נישט איינגעגאנגען דערויף און האט דערשאסען דעם פאלקאווניק נאאומא־וויטש, די אפיצירען האבען גע'הרג'עט דעם קעניג אלכסנדר, זיין פרוי די קעניגין דראגא, איהרע צוויי ברידער ניקאלאי און ניקאדים ליונעוויצא, דעם מיניסטער־פרעזידענט מארקאוויטש, מיניסטער פאוולאוויטש, גענעראל פעטראוויטש, קאפיטאן מימקא־וויטש און לייטענאנט גאגאוויטש. שווער פארוואונדעט האט מען דעם געוועזענעם מיניסטער דעם אינערן טעאדאראוויטש און דעם קאמאנדיר פון דער דאנוישער דיוויזיע ניקאליטש. די אנפיהרער פון די סאלדאטען, וואס זענען בעפאלען דעם פאלאץ זע־נען געוועזען די פאלקאווניקעס מישיטש און מאשין, וועלכער איז ביים נייעם מיניסטעריום געווארען דער ארבייט־מיניסטער. א ברודער

האט געבלאזען, און א רענענדל האט געמראקעט, און דער בעל־עגלה האט נעפייפט און געוויאקעט, און די פערדלעך זענען מיט קליינע דריבנע טריטלעך כלומר'שט געלאפען, און די רעדער האבען זיך גע־קאטשעט איבער דער נאסער ערד, און דער וואגען האט געטרייסעלט, און אלע פארשוינען האבען זיך געווינט, געשאקעלט, באגעגענט זיך גאנץ אפט, אמאל מיט די פלייצעס, אמאל מיט די שטערענס, און העניך, איינגעהילט אין א ווארעמער שאל, האט זיך געווינט און גע־שאקעלט אהער און אהין, און זיינע פלעשעלדיגע פאות, גערי־הרמ־פונ'ם ווינט, האבען זיך געבאמבעלט ווי אויף פרושינקעס און צוגע־געבען איהם פיעל חן.

ענדע.



פון פאלקאווניק מאשין איז געווען דער ערשטער מאן פון דער גע־הרג׳עטער קעניגין דראגא. די גוואַרדיא, וועלכע האבען בעוואכט דעם פאלאץ, האבען מיט גרויס מוט בעשיצט זייער קעניג און האבען די מורדים נישט געוואלט אריינלאזען אין קעניגליכען שלאס, מען האט פון זיי א סך אוועקגעהרג׳עט. דעם קעניג האט גע הרג׳עט דער פאדפאלקאווניק מישיטש. ווען מען איז אריין צום קעניג אין צימער האט ער אויפגעריסען דעם פענסטער און גערופען הילף, דערנאך איז דער קעניג צוגעפאלען צו די קעניגין און האט זי ארומגענומען און זי געוואלט בעשיצען. און צוזאמען מיט איהר אין די ארעמס איז ער גע׳הרג׳עט געווארען. נאך דעם ווי זיי זענען שוין געווען טויט האט מען זיי דורכגעווארפען דורך דעם באלקאן אויפ׳ן הויף. דער פאלק סאלדאטען, וועלכער איז בעפאלען דעם פאלאץ, איז נישט לאנג פאר דעם בונט שטרענג בעשטראפט געווארען פון דעם קעניג אלכסנדר דערפאר, וואס זיי האבען נישט געוואלט שיסען אויף דעם סערבישען המון, וואס האט געמאכט אונרוהען.

ווען די אפיציערען זענען שוין פארטיג געווארען מיט זייער ארבייט אין קעניגליכען פאלאץ זענען זיי ארויס אויף דער גאס און האבען אויסגערופען דעם פירשט פיאטער קאראגעארגיעוויטש אלס קעניג פון סערביע, וועלכער געפינט זיך איצטער אין זשענעווא (שווייץ). באלד האבען די יונגע סערבען זיך צעשפרייט אין אלע גאסען און האבען געטראגען פאהנען אין די הענט און געשריגען: „עס זאל לעבען דער קעניג קאראגעארגיעוויטש". כמעט אלע הייזער פון בעלגראד זענען געוועזען אויסגעפוצט מיט פאהנען, קיין איינציגער טרויער־פאהן איז נישט געוועזען.

דער בונט געגען דעם קעניג אלכסנדר איז שוין געוועזען זייט דריי חדשים אבגערעדט, ווייל דאס פאלק איז נישט צופרידען געווען, וואס ער האט בעשטימט ליובעוויצא, דעם ברודער פון דער קעניגין דראגא אלס טראנפאלגער (נאסליעדניק) און אז דער ברודער איז אנגעקומען קיין סערביע האבען זיי זייער פלאן אויסגעפיהרט.

די אנפיהרער פון דעם בונט האבען צעשיקט פראקלאמאציעס צום סערבישען פאלק, אין וועלכען זיי רופען זיי אויסצוקלויבען א קעניג, וועלכער זאל צוריק איינפיהרען א פרייע קאנסטיטוציע.

ביז מען וועט אויסקלויבען א נייעם קעניג, איז געווארען א רעגירונג אויף דערווייל וועלכע בעשטעהט פון נייע מיניסטארען.

דערווייל האט מען אין לאנד איינגעפיהרט די פריהערינגע פרייע קאנסטיטוציע, וואס דער דערמארדעטער סערבישער קעניג האט ניט לאנג פון פאלק צוגענומען.

— אין בעלגראד האבען אנגעהויבען ארויסגעהן נייע צייטונגען וועלכע זענען פול מיט זידלעריי אויף דער דערמארדעטע קעניגין דראגא און אויף די פריהערינגע פיהרער פון לאנד.

— די נייע רעגירונג האט בעפרייט פון די געפענגענישען אלע פאליטישע פארברעכער.

— דער קערפער פון דער קעניגין איז געוועזען צעהאקט און צעשעקעט פון די קלעפ. אויף דעם קעניג האט מען געפונען ביז 30 וואונדען פון ביקסען אויסער צייכענם פון שווערדען.

— נעבען קעניגס פאלאץ האבען דעם גאנצען טאג געשפיעלט די מיליטער־מוזיק. מען האט געשפיעלט פאלקס־מארשען און געזונגען נאציאנאל־ליעדער, די סאלדאטען האבען געטרונקען אויף דער גאס ביער און וויין. אויף די גאסען האט מען ארויסגעקאטשעט גאנצע פעסער מיט געטרענקע. די מיניסטארען האלטען רעדעס פאר דעם עולם, וועלכע קלאפען שטארק „בראווא". די צייטונגען לויבען דעם מארד.

עס איז בעקאנט, אז דאס אטענטאט אויף דעם געוועזענעם קעניג מילאן (קעניג אלכסנדר׳ס פאטער). פאר צוויי יאהר איז געווען אנגעשטעלט פון דראגא, ווייל מילאן האט נישט געוואלט מסכים זיין צו איהר שדוך מיט דעם קעניג אלכסנדר. נאך דעם אטענטאט, האט דער קעניג פארמשפט אלע אנפיהרער פון די ראדיקאלען אומזוסט, און ווען נישט דער קייזער פראנץ יאזעף, וואס האט געווארענט דעם קעניג פאר שטרענגע משפטים, וואלט ער זיי אלע געוועזן דערשא־סען. דאס איז געווען איינע פון די סבות צו דער היינטיגע נקמה.

דער נייער מיניסטער פאלקאווניק מאשין איז ביז געווען אויף די קעניגין, זיין געוועזענע שוועגערין, ווייל זי האט געפיינגט זיין ברידער, איהר ערשטען מאן און האט א חלק געהאט אן זיין פריהעם טויט. דורך דעם האט ער זיך איצט נוקם געווען אן איהר.

נאך דעם ווי דאס סערבישע פאלק האט זיך א ביסל בערוהיגט פון דער ערשטען אויפרעגונג, הערען זיך שוין איצט שטימעס געגען די מערדערייען. די אפיצירע, וועלכע האבען זיך בעטייליגט אינ׳ם מארד האבען מורא, מען זאל זיי נישט רופען צו פאראנטווערען זיך; זיי האבען זיך איינאנדער געגעבען דאס עהרענווארט, גאר נישט אויסצוזאגען ווער עס האט געמארדט.

מאנטאג דעם 15 יוני האט די נאציאנאל־פערזאמלונג אין בעלגראד איינשטימיג דעם פרינץ פיאטער קאראגעארגעוויטש אויסגעקליבען צום סערבישען קעניג. דער פרינץ האט די וואהל אנגענומען, און עס איז קיין ספק נישט דא, אז די גרויסע רעגירונגען וועלען איהם אלס סערבישען קעניג אנערקענען. איין ענגלישע צייטונג שרייבט, אז דער נייער קעניג וויל בעשטראפען די מערדער. דאס גאנצע פאלק איז מיט דער וואהל צופרידען.

---

## קארעספאנדענציעס.

קראקא. אין וויעליטשקא ביי קראקא (גאליציע) האט זיך פאר דעם פראהנלייכנאמס־פעסט (באזיענא טשאלא) געמאכט א גרויסער שרעק צווישען די יודען. וויעליטשקא איז א נעסט פון אנטיסעמיטען, דארט האט ביז נישט לאנג קיין יוד נישט געטארט וואהנען. דער אנטיסעמיטישער אבגעארדענטער שפאנדער איז דארט גייסטליכער. ער העצט תמיד דעם קריסטליכען עולם אויף יודען. די פאגראמען אויף יודען אין מערב גאליציע פאר 6 יאהר זענען זיינע ווערק. זיין שטעלפערטרעטער איצט מאלינסקי איז נישט אנדערש ווי ער. ער פרעדיגט תמיד מען זאל ביי א יוד נישט קויפען, א קריסטליך מיידל זאל ביי א יוד נישט דיענען. די לעצטע טעג האט ער גע־פרעדיגט, אז ווען א יוד וועט זיך געפינען דאנערשטאג ביי דער פראצעסיע אויף דער גאס און וועט נישט דאס היטעל ארונבנעמען זאל מען איהם טויט שלאגען. זיינע ווערטער האבען זיך פארבריטערט צווישען קאטאלישען עולם און מען האט צוגעלעגט, אז עס וועט

דאנערשטאג ערלויבט זיין יודען צו שלאגען און צו רויבען די יודען זענען זעהר אויפגערעגט געוועזען און האבען זיך געשראקען, ווארען אין וויעליטשקא איז אלעס מעגליך. דער „יודישער פאלקס־פעראיין" האט זיך געווענדעט צו די וויענער „איזראעליטישע אוניאן" אום הילף. די אוניאן האט באלד טעלעגראפיש געענטפערט, אז זי האט פארגע־שטעלט די לאגע פאר דעם מיניסטער־פרעזידענט ד"ר קערבער און ער האט צוגעזאגט צו טון וואס עס איז נאר מעגליך. דער מיניסטער האט געהאלטען ווארט. דעמזעלבען טאג האט דער בעצירקסהויפטמאן פון וויעליטשקא בעקומען א טעלעגראפישען אויפטראג פונ'ם מיניסטער, אז דער גייסטליכער אליין מוז אין דער קירכע זיינע ווערטער צוריק־ציעהען און פרעדיגען גוטס אויף יודען, כדי דעם עולם איינצושטילען. און אזוי איז טאקי געוועזען. דער בעצירקסהויפטמאן מיט'ן גייסטליכען זענען געגאנגען אין קירכע אריין. פאר א גרויסער פארזאמלונג האט דער זעלבער גייסטליכער געלויבט די יודען און געווארענט, אז עס זאל זיך קיינער ניט אונטערשטעהן אנצוריהרען א יוד און עס זאל זיין תמיד שלום אין שטאדט. דער פעבעל האט זיך באלד בערוהיגט און אין שטאדט איז שטיל געווארען. דעם אנדערען טאג האט דער גייסטליכער געבעטען א בעקאנטען יוד, ער זאל איהם א טובה טון און זעהען צוריק צו נעמען דעם בריף, וואס מען האט געשיקט אויף איהם קיין וויען, ווארען ער איז אין געפאהר.

ל.

---

# א גלגול פון א נאמען.

(ענדע.)

II.

אזוי זענען דערווייל איבערגעגאנגען דריי יאהר.

איינמאל, דאס איז געוועזען שמיני־עצרת אויף דער נאכט ביי די ערשטע הקפות...

איהר האט אמאל געהערט פון די דאזיגע הקפות?

ווער ס'האט ניט זוכה געוועזען זעהן דעם גרויסען רבי זיסעלען ביי די הקפות, האט אין זיין לעבען קיין גרויס, שענס און הויכס ניט געזעהן!..

ניט נאר יודען מיט גאט'ס תורות אין די הענט האבען געטאנצט, נאר אפילו די טישען; שטענדערס, דער ארון־קדש מיט'ן „שלחן" צו־זאמען מיט די ווענט פון דער שוהל האבען זיך געוויגט און געהוידעט פון טאנצעריי...

טייכען טרערען מיט ימים פרייד האבען זיך אויסגעמישט און יודען האבען זיך געטובל'ט אין דעם דאזיגען ים הגדול...

דאס איז געוועזען די אמת'ע מדרגה: „פרייד דורך געוויין און געוויין פון פרייד"...

דער גרויסער רבי זיסעלע האט דערהויבען די קליינע יודעלעך צו דער הויכער מדרגה פון „שמחת תורה"...

רבי פנחסל מיט שרה'לען זענען אויך דערביי געוועזען.

אפילו נשים מיט בתולות פלעגט מען דעם אויף־דער־נאכט אריינלאזען אין רבינס שוהליכען.

שען, הויך, ווי א מלאך, גרויס, ווי משה רבינו מיט די לחות אין די הענט האט רבי זיסעלע געשוועבט, געשוואומען ארום דעם „שלחן"... פון זיין ליכטיגען פנים האט געשטראהלט, ווי פון דער זון מיט דער לבנה צוזאמען. דעם צדיק'ס גרויסע, הייליגע אויגען האבען געשאסען מיט טייכען טרערען און סנאפעס פייער...

פלוצים האבען זיך אנידערגעשטעלט אויפ'ן רבינ'ס וועג רבי פנחסל מיט שרה'לין...

בלייך ווי די וואנט, דערשראקענע, ווי די פארמשפט'ע צום טויט זענען זיי געשטאנען פאר רבי זיסעלין און האבען איהם ניט געלאזט געהן ווייטער...

— רבי — האבען זייערע לעפצען געציטערט פאר מורא און פחד — איהר מוזט אונז העלפען!...

די גרויסע פרייד פון שמחת תורה איז איבערגעריסען געווארען מיט א מאל... פינסטער איז געווארען אין רבינ'ס שוהלעכין — איין אמת'ער „וימש חושך": אפילו די נשמה האט אנגעטאפט דאס פינסטערניש...

אויסגעלאשען זענען געווארען די שטראהלען פונ'ם צדיק'ס צורה און די אויגען האבען אנגעהויבען בליצען מיט א קאלטער מרה־שחורה...

— איהר קאנט געהן — האט רבי זיסעלע שטיל דאס ערשטע מאל געענטפערט אויף זייער בקשה — אויף א פאפיראסענער בריק?...

— צדיק, איהר מוזט אונז העלפען!...

— ווילט איהר דוקא?... היט אייך! שפילט אייך ניט מיט קיין פייער!...

— רבי, מיר קאנען דאס ניט איבערטראגען...

— זאל זיין אזוי!... הלואי, איהר זאלט ניט האבען קיין חרטה!..

III.

שוין דריי מעת־לעת, אז שרה'לע „געהט־צו־קינד"...

מיט אראבגעלאזטע קעפ געהען ארום אלע איינוואהנער פון קבצניפקע, אומעדום איז שא — שטיל...

די דאקטוירים האבען זיך שוין לאנג אבגעזאגט פון שרה'לען...

זיי זענען טויט־ברוגז. זיי זאגען, אז זי מוז שוין שטארבען צו־זאמען מיט'ן קינד...

איהר פארשטעהט?

די קלוגע, געלערנטע קעפ האבען דוקא געוואלט „נעמען" דאס קינד מיט עפים אזעלכע מיני מאשינען אדער צוואנגען, רחמנא לצלן...

אפילו דענסטמאל, האבען זיי געדרונגען, קאן נאר די מוטער בלייבען לעבען, און דאס קינד מוז געהן פאר א קרבן...

— העט, נארישקייטען! זיי זאלען אזוי וויסען פון זייער נאמען!

— האט רבי פנחס'ל געטענהט — יעדע יודישע טאכטער, בשעת זי „געהט צו־קינד", שטעהט אין א גרויסער סכנה... עס געדויערט שוין צו לאנג? דערויף שטעהט ביי אונז בפירוש: „ועל כרחך אתה נולד": מיט גע־וואלד וועסט דו געבארען... וואס מיר, ווער מיר דאקטוירים? איך גלויב דעם צדיק הדור; איך גלויב אין גאט... דער רבי זאל לעבען האט מיר צוגעזאגט א קינד? גלויב איך באמונה שלמה... דאס איבריגע — איז ניט מיין עסק...

ער האט אוועקגעשיקט צו רבי זיסעלען א שליח מיוחד און שוין.

און וואס קלערט איהר?

מען האט פון אביוניפקע אראבגעבראכט מינדיע דיבאבע און... גאט האט געהאלפען:

שרה'לע האט, למזל, אהן די אלע מאשינערייען און צוואנגען, להכעיס די דאקטוירים, געבארען א געזונטען בן־זכר...

IV.

דעם היילינגען רבינ'ס הבטחה איז מקוים געווארען, נאר...

דער שטן, ימח־שמו, האט אנגעהויבען פארשפרייטען זיינע נעצען.

רבי פנחס'ל מיט שרה'לען האבען נעביך ניט געוואוסט, ווי אזוי און פון וואס מ'היט זיך, און זענען, רחמנא לצלן, נלכד געווארען...

פלוצים האט זיך צווישען רבי פנחס'לען מיט שרה'לען אנגעהויבען א מלחמה איבער דעם נאמען:

ער האט געוואלט, אז דעם קינד זאלען א נאמען געבען: הערשעלע, נאך זיין פרומען פאטער, רבי הערשעלע חסיד (זכרונו לברכה!) און זי, שרה'לע, האט געטענה'ט, אז זי וויל ניט.

— דער שווער (א גוטער מליץ זאל ער זיין!) — האט זי געשריגען מיט'ן לעצטען ביסל כח — איז נעביך געשטארבען צו יונג, און איהר זיידע (א גוטען זכות זאל ער טראגען!), רבי שמחה'לע בעל־מח, האט זיך אין עושר און אין כבוד אבגעלעבט גאנצע הונדערט מיט פינף יאהר. וויל זי (און אזוי מוז דאס טאקי בלייבען!), אז איהר בן יחידל (איבערלעבען די ביינער זאל ער איהרע!) זאל הייסען נאך איהם. הייגט וואס איז גלאט פאר א גלאבען: דער שווער און איהר זיידע! דער שווער (אזא יאהר זאל זי האבען!) איז טאקי געוועזען א כשר'ער, פרומער יוד, אבער איהר זיידע... וועמען פלעגט די גאנצע וועלט נאכלויפען מיט קוויטלעך, מיט פדיונות, און ער פלעגט זיי פון זיך טרייבען מיט שטעקענעס? ווער פלעגט ביי זיך בעשטענדיג טראגען דעם שליסל פון דער געפונענער סאטאנאווער שוהל און פלעגט אהין איינער אליין זומער און ווינטער צוויי ביי נאכט געהן אבבערעכטען חצות? ניט איהר גרויסער זיידע, רבי שמחה'לע בעל־מח?

דער גאנצער אומגליק. פארשטעהט איהר מיך, האט זיך גענומען דערפון, וואס זיי ביידע זענען געוועזען גערעכט.

דער נאמען איז געקומען רבי פנחס'לען, ווייל ער האט ניט געהאט קיין פאטער, און שרה'לע — יא.

דאס איז ראשית. על פי דין.

שנית, איז א מאן עלטער פון א ווייב און א פאטער — ביליכער פון א זיידען.

שרה'לע איז אבער אויך געוועזען גערעכט, ווייל, ערשטענס, "א מנהג ברעכט א דין": די יודישע וועלט גיט קינדער נעמען נאך אזוינע מענשען, וואס זענען געשטארבען זקנים, און רבי פנחסל'ס פאטער איז געשטארבען יונג.

צווייטענס, ווער קען עס פאדערען פון א יודישער טאכטער, זי זאל זיך אבזאגען פון אזא טייערען נאמען?

דריטענס, נאך רבי הערשעלע חסיד איז שוין דענסטמאל געוועזען עטליכע נעמען, און נאך רבי שמחה'לע בעל־מח — אפילו איינער ניט, ווייל רבי נפתלי, שרה'לעס, פאטער, איז ביי זיין פאטער געוועזען א בן יחיד, און ער אליין האט כל ימיו ניט געהאט קיין זכרים.

הייגט איז שרה'לע געוועזען מסוכן קראנק, און רבי פנחס'ל געזונט איהר פארשטעהט?

האבען מיר אלע גערעכענט, אז דער נאמען געהער צו שרה'לען...

נאר צום קריאת־שמע־לייענען איז פלוצים קיין קבצניפקע אנגעקומען רבי זיסעלע און האט בפירוש געהייסען דעם קינד א נאמען געבען נאך רבי פנחסל'ס פאטער...

געגען דעם צדיק האט שוין שרה'לע ניט געוואלט אדער טאקי פשוט שוין ניט געקאנט געהן...

ווען דער רבי האט ארויסגעגעבען דעם פסק — האבען שוין שרה'לעס געדאנקען געבלאנזעט ווייט — ווייט, עפים גאר אין אנדערע עולמות...

א העליש פייער האט זיך, רחמנא לצלן, אריינגעהאפט אין איהרע ביינער און זי האט גערעדט פאר פייער און פאר וואסער...

איהר האט זיך פארגעשטעלט, אז רבי שמחה'לע בעל מח, איהר גרויסער, היילינגער זיידע, מיט דעם שליסעל פון דער סאטאנאווער שוהל אין איין האנט שטעהט אין מיט'ן הימעל אויף א הוידעלקע...

ער הוידעט זיך און שרייעט:

— שרה'לע! גיב אהער: אדער מיין נאמען, אדער דיין בן יחידל!.

און זי האט געברענט, ווי א פייער און זי האט געציטערט געפי'אטערט, ווי פון דער גרעסטער קעלט...

דריי ווייבער האבען זי קוים דערהאלטען אין בעט...

און טאקי אין דער איינענער נאכט פונ'ם קריאת־שמע לייענען איז שרה'לעס כשרה נשמה אויסגעגאנגען ביי די ווערטער:

— שמחהלע!... בן יחידל מיינס!... פאר דיינע ביינדלעך זאל מיר זיין!...

איהר פארשטעהט?

די מוטער, הייסט עס, האט איהם א נאמען געגעבען: שמחה...

V.

סנדק איז רבי זיסעלע געוועזען און דעם קינד האט מען א נאמען געגעבען: צבי הערש.

דער ברית איז געוועזען א פארשטיזרטער.

א רעכטע שמחה!

פריהער האט מען שרהלי'ס "רעכט געטאן" און דערנאך געפראוועט דעם ברית...

דעם גאנצען טאג האט זיך דער עולם געפיהלט ווי אויפ'ן בית־הקברות...

דער צדיק איז אריינגעפאלען אין א שטארקע מרה־שחורה...

דער קליינער הערשעלע, בשעת מ'האט איהם געיודישט, האט שרעקליך געוויינט, מורא'דיג געשריגען און געריסען זיך.

אלע קינדער שרייען און וויינען, ווען מען יודישט זיי.

וואס איז פאר א חידוש?

אז די ערשטע מינוטען פונ'ם ווערען א יוד קאסטען שוין אזוי פיעל בלוט — מסתמא פיהלען זיך דערביי געוואג שמערצען אויך!...

נאר הערשעלעס וויינען און שרייען זענען אבער געוועזען גאר אויף איין אנדער מין אופן...

נאכ'ן לעצטען יעכץ און פארגעהן זיך, איז רבי זיסעלע געווארען שטארק וויים, בלייך ממש, ווי דער קאליך. א טיעפער זיפץ האט זיך ארויסגעריסען פונ'ם צדיק'ס הארץ און צוויי גרויסע בריליאנטענע

טרערען האבען זיך ארויסגעקאטשעט פון זיינע אויסגעלאשענע אויגען...

וואס אייגענטליך האבען געלאזט הערען די משונה ווילדע קולות פונ'ם קליינעם הערשעלע ?

קיינער האט דאס ניט פארשטאנען.

מ'האט נאר געפיהלט, אז זיי בוירען דעם מח און לעכערען די געהירען...

אפשר איז דאס שוין געוועזען א ווינק אויף שפעטער ?

די גרויסע מרה־שחורה, דער זיפץ און די טרערען פונ'ם גרויסען צדיק האבען געווים דערויף געדרונגען...

אין דרייסיג יאהר ארום, ווען ס'האט זיך געטראפען דאס, וואס איך וועל אייך דערציילען ווייטער — האט ערשט דער עולם ארויס־געזעהן בחוש, אז דער גרויסער רבי זיסעלע מיט'ן קליינעם הערשעלע האבען שוין בעצייטענס צוזאמען בעוויינט דאס אומגליקליך יודיש נשמה'לע..

VI.

ערשט איין יאהר איז איבערגעגאנגען נאך דעם שרעקליכען טויט און געוויסען ברית און צווישען רבי פנחס'לען מיט זיינע גע־וועזענע שווער און שוויגער האט אויסגעבראכען א שטארקע, פשוט א פייערדיגע מלחמה.

און טאקי ווידער א פנים איבערן נאמען.

רבי נפתלי און זיין ווייב. שרה'לעס עלטערן, זענען געוועזען מלא רציחה, פשוט אנגטאן אין גזלן ניט נאר אויף רבי פנחס'לען, נאר אפילו, רחמנא־לצלן, אויפ'ן הייליגען רבי'ן אליין אויך.

נאך זייער נארישען, פשוט קינדישען שכל, איז זיי אויסגעקו־מען, אז אין שרה'לעס טויט זענען שולדיג רבי פנחס'ל מיט'ן רבי'ן זאלען לעבען...

וואס מענשען, יודישע קינדער קאן איינפאלען !

נאר פון איין זייט דער גרויסער אומגליק: שרה'לע איז ביי זיי געוועזען איין אויג אין קאפ, א בת יחידה·

היינט דער שטן...

אז דער „סוחר" מישט זיך אריין — ווערד א פרייהליכע חתונה אפילו אהן כלה־חתן און אהן כלי־זמר ! ...

ס'האט זיי, רחמנא־לצלן, פארבלענדט די אויגען און...

א גאנצענעהנדיג יאהר האבען שרה'לעס עלטערן גאר געשוויגען.

זיי זאלען עם חאטש איינמאל א פרעג טון וועגן אייניקעל !

דער ערגסטער סימן איז געוועזען אט דאס ניט לאזען זיך הערען.

דערפון טאקי האט מען ארויסגעזעהן בחוש, דאס הייסט, מ'האט פארשטאנען, אז ביי רבי נפתלין מיט זיין ווייב טליהעט א פייער אין די הערצער, וועלכעס וועט זיך אין גיכען ארויסרייסען לעיני כל מיט מיט א שטארקער מלחמה.

דאס איז ראשית.

צווייטענס, רבי נפתלי, א יוד פון תמיד אנא למדן, גרויסער עושר און אמת'ער חסיד — האט פלוצים, זינט די טאכטער איז געשטארבען, אויפגעהערט פאהרען צום רבי'ן. נאך מעהר, ער האט ניט געוואלט הערען און וויסען פון דעם גרויסען צדיק אפילו דערנסטמאל, ווען דער רבי איז צוויי מאל אין דעם יאהר אריינגעפאהרען קיין קאמעניפקע...

פארשטעהט זיך אליין, אז אין דעם אייגענעם יאהר האט רבי פנחס'ל דערווייל חתונה געהאט דאס אנדערע מאל...

וואס דען האט איהר געוואלט, אז אזא כשר'ער יוד זאל יאהרען לאנג וואהנען אהן א ווייב ?

דער זווג האט עולה־יפה געוועזען, און גאט האט איהם מזכה געוועזען מיט נאך א בן־זכר פונקט אין זיבען חדשים ארום נאך דער חתונה.

חתונה געהאט האט ער גליקליך, איינמאל אין טויזענט יאהר טרעפט א יודען אזא גליק, אזא הצלחה !

ער האט גענומען רחל'ן דעם רבינ'ס שוועגערין.

נו, דאכט זיך, גענוג, גוט ? וואס קאן נאך בעסער זיין פאר הערשעלין ? רחל זאל לעבען אליין וועט איהם מגדל זיין ומסתמא לתורה ולחופה ולמעשים טובים ? ווער קאן זיך אזוינס ווינשען אפילו ?

מסתמא איז דאס טאקי געוועזען דעם גרויסען רבינ'ס קוק, דער עיקר כונה פון דער גאנצער חתונה..

לאזט זיך אויס א מעשה, איז...

גאט זאל גאר שומר ומציל זיין !...

VII.

רבי נפתלי מיט זיין ווייב זענען אראב געקומען קיין קבצניפקע און דאס שטעדטל האט אנגעהויבען קאכען, זידען, ווי א קעסעל.

א פייער, א העליש, גיהנם־פייער האט זיך אנגעצינדען...

רבי פנחס'ל בעט זיך ביי זיי, ווי ביי פעלד־גזלנים, זיי זאלען זיך פארלאזען אויף מענשען אדער, נאך בעסער און פשוטער, אויפ'ן רבי'ן זאל לעבען, און זיי...

אבגעהיט זאלען ווערען !

איהר הערט א מין עזות, אזא מין רשעות ?

— ווער מיר רבי, וואס מיר רבי ? קענען וויל איך איהם ניט !...

וואס קלערט איהר ? אז א מענש קריכט, רחמנא לצלן, אראב פונ'ם גלייכען וועג !

אז א יוד, א יוד א חסיד, ווערד פלוצים א תלמיד מובהק ביים שטן !...

ער, נפתלי, וויל איינס פון די צוויי: אדער רבי פנחס'ל זאל איהם אין די הענט אריין איבערגעבען דעם נדן, וואס ער האט געגע־בען שרה'לען, מיט'ן פראצענט פאר דער גאנצער צייט און ער וועט עם איינלעגען אויף שמחה'לעס (איהר הערט ? ביי איהם הייסט ער: „שמחה'לע", ניט הערשעלע !) נאמען, אדער דאס גאנצע געלד איז ער מוחל איהם, רבי פנחס'לען. וואס זשע דען ? דאס קינד, זיין שרה'לעס קינד, זאל ער אבשרייבען אויף איהם, אויף נפתלין, און ער, רבי פנחס'ל, זאל זיך פון איהם, פון זיין אייגען קינד הייסט עס, אינגאנצען אב־זאגען. איהר פארשטעהט ? קיין שום דעה האט ער אויף איהם ניט און שוין...

און רבי פנחס'ל האט זיך געביך געמוזט נאכגעבען אויפ'ן לעצטען פונקט...

מילא, ער האט דען געהאט א ברירה ? די געוועזענע שוועה־

און־שוויגער האבען איהם פשוט אנגענומען ביים גארגעל: „דאס געלד אדער דאס קינד"?!

אוועקגעבען אזוי פיעל געלד האט רבי פנחסל דענסטמאל א פנים געביך ניט געקאנט, ניט געוואלט און אפשר האט זי, רחלי זאל לעבען, ניט דערלאזט...

רבי פנחסל מיט רחל'ן האבען א פנים אזוי געלערנט דעם פשט: „קינדער זענען פון גאט. איינס האט ער זיי שוין געשענקט פאר וואס זשע זאל ער זיי ווייטער אויך ניט מזכה זיין מיט נאך פיעל קינדער? אבער געלד...

און פון הערשעלין איז געווארען א שמחהלע און נפתלי מיט זיין ווייב האבען איהם צו גענומען צו זיך און זענען מיט איהם א־היים געפאהרען קיין קאמעניפקע...

VIII.

מיט עטליכע יאהר שפעטער האט .שוין רבי פנחסל דווקא חרטה געקריגען אויף דער גאנצער געשיכטע, אפילו זי, רחלי זאל לעבען, האט זיך געשלאגען אין הארץ אריין, פאר וואס זי האט דערלאזט צו אזא אומגליק. אודאי, ווען זיי קאנען זיך פארשטעלען פריהער, אז דער ענין וועט פארקריכען אזוי ווייט — וואלטען זיי גיכער מסכים געוועזען בלייבען אהן איין העמד, איידער אויף אזא זאך!

ס'איז שוין אבער געוועזען צו שפעט...

דער אלטער נפתלי, פארשטעהט איהר מיך, האט פשוט אנגע־הויבען אראבקריכען מדרך הישר, און ניט נאר פונ'ם חסיד'ישען, נאר פשוט פונ'ם גאנצען יודישען דרך...

ס'איז גאר קיין חידוש ניט: א קלייניגקייט, אז א יוד הייבט אן לעבען אהן דער השגחה פונ'ם צדיק הדור!...

און אזוי צוביסלעך און צו סכ'לעך איז ער אוועק ווייט־ווייט, העט־העט! פשוט אין שאול תחתיה אריין און האט מיט זיך נאכגע־שלעפט דאס אומשולדיג שעפעלע, שמחהלען, הערשעלען מיין איך...

קודם כל האט ער שמחה'לען, הערשעלען, הייסט עס, אבגע־האלטען גאנצע פינף יאהר אהן אלף־בית אפילו. הערענדיג פון אזא רשעות, האט זיך נעביך רבי פנחסל אבגעשריבען די הענט. מיט טייכען טרערען פלעגט ער בעגיסען זיינע בריף צום אלטען תרח. נאר ס'האט איהם געהאלפען ווי א טויטען באנקעס: ענפערט די וואנט? אזוי האט ער געענפערט.

וואס קלערט איהר? אז א יוד קריכט, רחמנא לצלן, אראב פונ'ם יודישען וועג!...

ערשט אויפ'ן זעכסטען יאהר האט ער איהם אנגעהויבען לעהרנען און... ס'איז נאך ערגער געווארען. הלואי וואלט ער איהם שוין בעסער גאר ניט געוועזען געלעהרנט!...

פחדים נוראים! הערשעלע, א כשר, יודיש קינד, האט אפילו פאר זיינע אויגען ניט געזעהען קיין יודיש חדר!...

איהר פארשטעהט? אויף אפאר שעה אין טאג פלעגט צו איהם אהיים קומען אבלערנען א מלמד! ווי געפעלט דאס אייך? און וואס פאר א מין מלמד! עפיס א ליטוואק, א מתנגד, איין אמת'ער ימח־שמו'ניק!... און ווער ווייסט? אפשר איז דאס גאר ניט געוועזען ניט קיין ליטוואק, ניט קיין מלמד, נאר פשוט, רחמנא לצלן, דער שטן אליין בצורת ליטוואק־מלמד!...

בקיצור דער שענער, משטיינסגעזאגט, מלמד האט מיט דעם קינד געלערנט אזוי לאנג, אזוי ברייט, ביז הערשעלע איז, רחמנא לצלן, אריין אין שקאלעס...

מזל טוב!

IX.

אזוינע מיני דרכים האט שוין רבי פנחסל ניט געקאנט און ניט געטארט איבערטראגען. ער האט איינגעלעגט די וועלט, ער האט זיך שוין געלאזט אויף סכנת נפשות. ניט קוקענדיג דערויף, וואס ער האט שוין דענסטמאל, חוץ הערשעלען, געהאט פיער, קיין עין הרע, קינדערלעך, האט ער דאס גאנצע פארמעגען זיינס געוואלט אוועק־געבען דעם אלטען רשע; דאס לעבען צוזאמען מיט דער נשמה וואלט ער איהם געוועזען צוגעגעבען, אבי ארויסרייסען פונ'ם שטנ'ס רשות זיין אומשולדיג קינד.

און ניט נאר רבי פנחסל אליין האט זיך אזוי געלעגט אין דער לענג און אין דער ברייט. אלע קבצניפקער יודישע איינוואהנער האבען גענומען א גרויסען טייל אין דער געשיכטע.

רבי פנחסל האט געבעטען מיט גוטען, מיט בייזען. ער האט געשריגען, געוויינט, אונטערגעשיקט א וועלט מיט מענשען, נאר...

ס'הייבט זיך אפילו ניט אן! אזוי ווי איין ארבעס אין דער וואנט אריין!

— צו שפעט — האט דער אלטער כל־בו'ניק געענפערט מיט א ווייך לעבערל — שמחה'לען האט ער פארקויפט. איך האב איהם עהרליך בעצאהלט פאר איהם. שמחה'לע איז א צאצקעלע, איין אבן־טוב, און איך וועל איהם, מיט גאטס הילף, אויסשלייפען אויפ'ן בעסטען אופן. שמחה'לע איז מיין שרה'לעס, מיין קינד, און יעדער פאטער (א שענער פאטער!) מעג זיך טון מיט זיין קינד, וואס ער וויל. ס'איז ניט זיין עסק. זארגט אייך ניט! שמחה'לע וועט ניט זיין קיין חסיד? דאס וויל איך מיט'ן גאנצען לעבען. אבער א יוד וועט ער זיין געוויס. לאז ער דערווייל ענדיגען די גימנאזיע, דערנאך וועלען מיר ערשט זעהען. איך קלער גאר וועגען אויסלאנד. איין עברה, אז אזא כלי שלמה זאל פארפאלען ווערען! אי־ה האף, אז מיט דער צייט וועט מיך גאט און לייט מקנא זיין מיט מיין שמחה'לען. שרעקט אייך ניט! עס וועט שוין זיין רעכט...

וואס קלערט איהר? אז א יוד קריכט, רייסט זיך דווקא צו דער סטרא אחרא!...

א ודאי, ווען דער גרויסער צדיק הדור, רבי זיסעלע (זכותו יגן עלינו!), לעבט נאך דענסטמאל אויף דער וועלט, דערלאזט ער ניט צו אזא אומגליק! ער וואלט געוויס הערשעלען געווען ארויסגעשלעפט פונ'ם שאול תחתיה! צו אזוינע זאכען איז רבי זיסעלע געווען א בריה, א חרוץ!

צום אומגליק אבער, איז רבי זיסעל נסתלק געווארען פריהער, און...

רבי זיסעלעס קינדער?

גרויסע צדיקים, ווילדע בעלי מופתים, נאר...

„אז די ערשטע דורות זענען געוועזען בבחינת מלאכים, זענען מיר קוים מענשען, אז די ערשטע דורות זענען געווען בבחינת מענשען, זענען מיר אייזלען"..

דאס איינענע איז געזאגט געווארען וועגען די צדיקי הדור אויך...

— דער טאטע — פלעגען זיי ענטפערען אויף אזוינע הארבע קשות — האט אלסדינג געקאנט, נאר ניט בעשטענדיג געוואלט. מיר ווילען דווקא כסדר, נאר קאנען אמאל, אי דאס, ווען מע הייסט אונז...

X.

פונקט דרייסיג יאהר זענען אוועקגעגאנגען אין תהום פונ׳ם לעבען, זינט שרה׳לע איז געשטארבען. רבי פנחסל האט שוין געהאט היבשע, קיין עין הרע, אייניקלעך, ער האט שוין אפילו אנגעהויבען קלערען אונ האפען וועגען אור־אייניקלעך. פונ׳ם שענעם בכור זיינעם האט ער שוין לאנג פארגעסען. דער אלטער ימח־שמו׳ניק, נפתלי, איז נאך צוריק מיט א יאהר פינפצעהן נעלם געווארען פון אונזער געגענד. ערגיץ קיין אויסלאנד, אונטער די הרי־חשך איז ער אוועקגעפאהרען מיט׳ן אייניקעל. רבי פנחסל, רחלע זאל לעבען אונ מיר אלע האבען געהאפט אונ געגלויבט, אז מסתמא האט דער גרויסער בורא אונ דער זכות פונ׳ם הייליגען צדיק זיי ביידע ערגיץ צו אלדע שווארצע יאהר פארטריבען אונ זיי האבען זיך דארטען איינגענומען בלחש א מיתה משונה פאר׳ן כלל ישראל אונ שוין...

נאר פלוצים... ויבא המן! דאס „תכשיטל" האט זיך בעוויזען... אבגעהיט זאל מען שוין ווערען!

שען, געזונט ווי אייזען אונ אפילו קיין זכר ניט פון קיין בארד... א גוי גמור מיט אלע פירושים...

וואס איז די מעשה? ווער, קדיש זיסער, האט עס געשיקט נאך דיר? האסט געהאט א זיידען? ער האט דיך צוגענומען צו זיך? ער פוילט שוין טיעף אין גאטס ערד? כן יאבדו! לעג דיך נעבען איהם אונ זייט ביידע א שענע, ריינע כפרה פאר כל ישראל! וואס האסט דו צו רבי פנחס׳לען נעביך? וואס האבען דיר געטאן די אומשולדיגע שטיפמוטער מיט איהרע פרומע קינדערלעך? פאר וואס זאלסט דו זיי אלע מקצר זיין זייערע יאהרען? ווער האט דיך דא בעדארפט?

איהר הערט א געשיכטע?

ער איז געקומען צום גראף פונ׳ם שטעדטל. דער גראף בעט איהם שוין פון עטליכע יאהר, ער זאל צו איהם קומען צו גאסט. איהר פארשטעהט? פאר׳ן גראף איז א גרויסער „בית־הכבוד", וואס אזא מציאה, ווי ער, „סימיאן פעטראוויטש" (איהר הערט? פון הערשעלע איז געווארען שמחה׳לע אונ פון שמחהלע — סימיאן פעטראוויטש!), איז געבוירען געווארען אין זיין קבצניפקע. האט איהם „סימיאן פעטראוויטש צוליב געטאן. ער האט שוין פון לאנג געוואלט אנקוקען די שענע ערטער, וואו ער איז געבוירען געווארען. היינט האט ער טאקי געוואלט בדרך הליכה בעקענען זיך מיט זיין פאמיליע אונ מיט זיינע יודישע ברידער...

מיינט איהר אפשר, אז דער תכשיט האט אבגענארט דעם עולם, ווייל ער האט זיך געוואלט אויסשטעלען פאר א גאנצען מאכער?

בפירוש טאקי ניין!

איהר וואלט שוין דווקא געוועען געמעגט זעהען מיט וואס פאר א מין פאראד דער גראף מיט נאך קריסטליכע שכנים זענען איהם אקעגען געפאהרען אונ האבען די כשרה מציאה אריינגעבראכט אין שטעדטל!

מיני פערד, קארעטעס! דעם גובערנאטאר אליין בעדארף מען שוין ניט אויפנעמען שענער.

וואס האבען זיי אזוינס אויף איהם דערזעהען?

ער איז גרויס, זאגען זיי, ווי די וועלט. זיין נאמען קלינגט שוין אין אלע לענדער. א ווילדער קינצלער, פשוט א שם־דבר!

איהר פארשטעהט? פון ליים, פון גיפס קענעט ער אויס עפיס אזעלכע מיני באקלעך, וואס בעקומען א פנים פון לעבעדיגע בעשע־פענישען אונ די אלע חכמים, גרויסע קעפ אונ שארפע מחות נעמט דער רוח צו נאך זיי, אונ זיי גילטען איהם אב פאר דער גרויסער חכמה!

איהר פארשטעהט? ישעיהו לערנער.

---

# אלטניילאנד.

(פארטזעצונג).

IX

פון דעם ביז אהער ערקלערטען, זעהט מען, אז דער מחבר האט אומיסטען אונז אבגעמאלט איינינע בילדער פונ׳ם היינטיגען יודישען לעבען, וואו פון איין זייט, אינ׳ם המון־עם, הערשט שרעקליכע נויט אונ דחקות, פון דער אנדערער זייט, אין די העכערע קלאסען, אין דער רייכער אונ אינטעליגענטער, — נידריגע גלייכגילטיגקייט צו אלעם יודישען, נמאס׳ע קנעכטשאפט אונ ביטערע פערצווייפלונג. דערמיט וויל דער מחבר אונז זאגען: זעהט, וואס פאר א פנים סע האט די יודישע געזעלשאפט, אונ פארשטעהט, אז מע מוז זוכען א וועג ווי ארום פון דער לאגע זיך ארויסצוראטעווען.

מע קאן ניט זאגען, אז די בילדער זענען גענוג קונסטליך אבגעמאלט, אדרבא די פארבען קומען אויס אביסל בלאסליך אונ דער וואס שטויסט זיך ניט אן, וואס דער מחבר וויל דערמיט זאגען, דאס הייסט ווער סע איז אליין קיין ציוניסט ניט, דער וועט קוים דאס ארויסלייענען פון די פארגעשטעלטע סצענען. סע קאן זיין, אז דרינען איז שולדיג דאס וואס הערצל אליין איז שוין צופיעל ציוניסט, איך מיין: וואס ביי איהם זענען אויך שוין דיזע אלע זאכען א לאנג גע־לעזטע שאלה אונ ער מיינט דעריבער, אז סע איז גענוג נאר א קליי־נער רמז, אום ביים לעזער ארויסצורופען די זעלבע פארשטעלונגען ווי ביים מחבר.

דאגעגען אבער פיהלט זיך איין אנדער חסרון, וואס שטאמט שוין געווים פון הערצל׳ס ניט־בעקאנטשאפט מיט דער יודישער נשמה. אין דער בעגרינדונג פון זיין ציוניזם פעהלט דאס בילד פון איין אונזעריגען יודען, ביי וועלכען עס פארקלעמט דאס הארץ, ציפט ביי דער נשמה, ווען ער זעהט, אז דאס טייערסטע פון יודישע מדות, פון יודיש געפיהל, געהט טאג־טעגליך לאבוד, אז יודישע קינדער ווערען טאג־טעגליך אבגעריסען פון דער יודישער אומה, אז אינ׳ם יודענטום בילדעט זיך א תהום צווישען פארשידענע קלאסען, וואס ווערד פון טאג צו טאג טיעפער אונ שרעקליכער, אזוי אז אט באלד וועלען מיר אויפהערען קענען פארשטעהן איינער דעם אנדערען. ווען הערצל זאל געווען אין זיינע בילדער נאך אריין פיהרען אט דעם יודישען טיפ, וועלכער איז צום גליק נאך א גאנץ אפטער צווישען יודען, וועלכער קוקט אויף דעם געשיכטען־גאנג פון אונזער פאלק,

מיט אזא פארצוקט געמיט, אזוי ווי א קאפיטאן בעת ער זעהט זיין שיף זינקען אין די טיעפע אבגרונדען פונ'ם ים — דאמאלס ערשט וואלט דאס בילד פון היינטיגער יודישער לאגע געווען בשלימות, און מיר וואלטען קלאר פארשטאנען פון וואנען סע האט זיך גענומען די ציוניסטישע בעוועגונג!

הערצל האט אבער אפנים די שאלה גאר ניט אין זינען געהאט צו פארענטפערן. ער האט געוואלט דער עיקר'שט צוטרייבען זיין געשיכטע ביז דעם פונקט, ווי אזוי וועט אויסזעהען די יודישע מדינה און מיט וואסערע מיטעל קאן מען זי גרינדען.

צוליב דעם צוועק ברענגט ער זיין פרידריכ'ן מיט דעם אמעריקאנער פריהער קיין ארץ־ישראל אצינד בעת אלעס איז חרוב ונחרב, און נאכדעם אין צוואנציג יאהר ארום, בעת ארץ־ישראל שטעלט פון זיך פאר איין אויפגעבליהט לאנד, בעזעצט פון די יודישע עמיגראנטען. נאר לאמיר אייך דערצעהלען די מעשה כסדר.

X.

איהר געדענקט דאך מסתמא דאס קארטל, וואס פרידריך האט געשריבען צו יענעם נ. א. באדי לויט דער מודעה פון די צייטונגען? קורץ דערויף בעקומט פרידריך א תשובה, אין וועלכער מע לאדט איהם איין צו קומען אין א גרויסען האטעל אין א געוויסער צייט. קומענדיג אהין צו דער צייט האט ער געטראפען איין אלטען אמעריקאנער פון א יאהר פינפציג. נאך א קורצען שמועס ערקלערט איהם דער אמעריקאנער, אז ער איז איינגענטליך א דייטשער עדעלמאן, אין דער יוגענד געווען איין אפיציער, נאר ניט קענענדיג אויף זיך פארטראגען די אויבערהערשאפט פון וועמען סע ניט איז, האט ער זיין שטעלע אוועקגעווארפען און זיך איבערגעשיפט קיין אמעריקא. דארט האט ער איבערגעמאכט זיין דייטשען נאמען קעניגסהאף אויף קינגסקארט און איז געווארען א מיליאנער.

דערביי ערקלערט דער אלטער פרידריכ'ן, אז „ענערגיע איז אלעס. וואס מע וויל שטארק, דאס דערלאנגט מען אהן שום ספק. ערשט אין אמעריקא האט ער ארויסגעזעהען, וואס פאר פוילע שמאטעס מיר אייראפעער זענען".

בעקומענדיג די מיליאנען, האט ער אנגעהויבען פיהלען, אז ער איז עלענד ווי א שטיין, און האט זיך ענטשלאסען מאכען א לעבען. ער האט געגלויבט, אז ער טוט די גרעסטע חכמה בעת ער האט חתונה געהאט מיט איין ארים מיידל, די טאכטער פון זיינעם איין אנגעשטעלטען. נאר די צייט האט איהם באוויזען, אז קיין חכמים איז ניט פארהאנען. אין אנהויב האט דאס יונגע ווייבל איהם פארגעטערט און געטריי געווען פאר זיין גוט הארץ און פאר דעם גליק, וואס ער האט איהר געשענקט. ביסלעכווייז אבער איז זי צו איהר גליקליכער לאגע צוגעוואהנט געווארען און די יונגע יאהרען האבען אנגעהויבען מאהנען זייערס. א יונגער מאן האט זיך מסתמא אויך באלד געפונען און אין א שענעם פריהמארגען איז דער דייטשער עדעלמאן געוואהר געווארען, אז סע שטעקען ביי איהם א פאר אומגעלומפערטע הערנער...

פון אזא מיאוס'ער מעשה שטארק אויפגערייצט, האט נאטירליך דאס ערשטע אפיציער־געפיהל אויסגעשטרעקט די האנט צום רעוואל־ווער. דאס צווייטע אבער, אמעריקאנישע, האט איין אנדער געדאנק ארויסגערופען: לאזען די פארברעכערין איהר וועג לויפען און אליין אוועקוואַרפען „די פאלשע מענשליכע געזעלשאפט, אלעס איז ליגע'ד, קיין וואהר ווארט ניט פארהאנען. אזוי איז קינגסקארט געווארען א מענשען־פיינד און האט זיך בעשלאסען צו פארקלייבען זיך אויף איין אינזעל העט ווייט, אבגעזונדערט פון אלעס לעבעדיגען.

נאר אום ניט צו פארגעסען דאס מענשליכע לשון האט ער געזוכט א קאמפאניאן, אויך אזא מענשען־פיינד, וואס דאס לעבען האט איהם אבגענארט, און וואס וויל אויך דערפון אנטלויפען. ניט לאנג געטראכט האט פרידריך זיך ערקלערט פאר דיזען קאמפאניאן און קינגסקארט האט איהם מיט שמחה אויפגענומען.

קינגסקארט לעגט איהם פאר געלד אויף צו ארדנען זיינע געשעפטען, נאר פרידריך זאגט זיך דערפון אב, ווייל ער האט גאר ניט נייטיג. באלד אבער דערמאנט ער זיך אין דער ארעמער פאמיליע ליטוואק און בעט ביי קינגסקארטען פאר זיי. דער אמעריקאנער איז זעלבסטפערשטענדליך א ותרן און גיט איהם גאנצע פינף טויזענט ריינישׁ, נאר לאכט איהם אויס, וואס ער איז נאך אזוי נאריש און וויל העלפען פרעמדע מענשען. דער אלטער מענשען־פיינד דאגעגען ערקלערט ענטשידען, אז די מענשען זענען ניט ווערט, מע זאל אויף זיי רחמנות האבען, אז פאר גוטס צאהלען זיי אב מיט שטיינער און אזוי ווייטער.

נאכדעם ווי פרידריך האט דער ארעמער פאמיליע ליטוואק „אבגעשטעלט" דאס געלד און דערביי שטארק הנאה געהאט, וואס איהם איז געראטען זיך אבצוטראגען, איידער די ארעמע מענשען האבען זיך ארום געזעהען, וואס פאר הצלחה ער האט זיי געבראכט, — האט ער זיך שוין אין גאנצען בערוהיגט און גערעכענט זיינע חשבונות מיט'ן לעבען, און מיט דער מענשהייט אין גאנצען געענדיגט און איז מיט זיין אמעריקאנער אבגעפאהרען אויף זיין שיף צו דער אינזעל.

(פארטזעצונג קומט). משה קליינמאן.




## I. אלגעמיינע נייעס.

— די קאמיסיאן וועגען מאכען רעפארמען אין די רוסישע אוני־ווערזיטעטען האט ארויסגעזאגט איהר מיינונג, אז מען זאל צולאזען פרויען צו הערען לעקציאנען אין די אוניווערזיטעטען פון רוסלאנד.

— די שוישפילערין א. א. פאסחאלאווא אויס אדעסא האט גע־שאנקען פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב 230 רובל.

## II. יודישע נייעס.

— דער פרויען פעראיין אין קישינוב טוט זעהר פיל פאר די יתומים. איבערהויפט צייכענט זיך אויס פרוי אראנאוויטש, וועלכע איז געקומען פון פעטערסבורג צו דעם צוועק. נישט לאנג האט זי געלאזט מאכען בעטלעך אויך פאר די קינדער פון די ארימע לייט.

— די פריילינס מרגליות און דימאנט אין פארליצעווע האבען צונויפגענומען בעטגעוואנד און קליידער און אוועקגעשיקט קיין קישינוב.

— פרוי וואלקענשטיין אין קישינוב האט באקומען א ידיעה פון ראסטאוו נא־דאן, אז דער קאנצערט, וואס דער בעריהמטער ארטיסט שאליאפין האט דארט געגעבען פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב, האט געבראכט ריינע הכנסה 1600 רובל. דאס געלד וועט געהן אויף דעם „בית יתומים", וואס ווערד געגרינדעט פון אינטעליגענטע יודישע פרויען.

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.

פערלאג „פאלקסבילדונג".

Herausgeber Verlag Volksbildung, Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau, Druck v, S, L Deutscher Podgorze b.Krakau

## נדבות

פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב דורך די אדמיניסטראציאן יודישע פאלקסצייטונג אין קראקוי.

געזאמעלט דורך מרדכי נאמיראבסקע אונ דורך פאפעלנאסטאס: מרדכי נאמיראבסקע 1.35 רובל; פון איינגע פרויען 1.60 רובל; גרשון באטשעוו; יוזפ קאפעלניקאוו; מרדכי ברוידע; חיים קיוומאן; נפתלי העליראוו. יצחק קאשערסקא; שלום מאטאוו; משה אוחאווסקע צו 1 רובל. ישעיה אוחאווסקע 85 קאפ'. נעבע באטשעוו; יעקב רעניקאוו; אריה שאכמאן; חנן שור; אברהם יצחק שוכמאן; חיים פאוולאצקע; יצחק פאוולאצקע; זלמן רעזניקאוו מענדיל שור. יעקב פיקארסקע; ליב מיילאבראדסקע; פנחס ראבינאוויץ צבי סענדעראוו; ה' ישענקאנד; אהרן חיים ראבינאוויץ; יצחק גראדסקע; יצחק מאטאוו צו 50 קאפ'. זלמן טערנאווסקע 45 קאפ. חנן באטשעוו 40 קאפ. יוסף ראבינאוויץ; לוי אוחאווסקע; מאריאסע אוחאווסקע. צבי זאהיקע צו 30 קאפ. יוזפ פאוולאצקע; ישראל צייטלין; ישעיהו נאמירובסקע; מענדיל מעדוועדאווסקע; פ' ראשקאווסקע; יצחק העליכאוו; ליאחאווליקע צו 25 קאפ'. אליהו עטיגען; דוד ראבינאוויץ; אברהם מאהנאווסקע; ישראל ראבינאוויץ צו 20 קאפ'. יעקב יודל גאלדשטיין 10 קאפ'. ס"ה 25 רובל.

געזאמעלט דורך זעליג ב־איל־אווסקי פון יאבלאנאווקא: זעליג בראילאווסקי 1.50 רובל; ישראל בראילא 1 רובל. איוואן איוואנאוויטש דאנקעווסקי (מורה) 30 קאפ.

— ע"י נ. יאסעלעווסקי אין בערדיטשעוו: חיים יאסעלעווסקי 1 רובל. יוסף ראגאטשעווסקי; ניסן זאסטאווסקי צו 60 קאפ. ראובן סאמסאהן 40 קאפ.

יעקב טאפשטאק (סלאוואוטא) 50 קאפ אליעזר ברענהויז (אומאן) 1 רובל ביילע אונ פייגע זלאטשעווסקי י. אסטראווסקי, טשעליאבינסק 1 רובל.

---

## אויף דעם זאמעל־בוך „הילף"

וואס ד גאנצע הכנסה געהט פאר די פאראומגליקליכטע יודען אין קישינוב.

**(פרייז 1 רובל מיט פארטא)**

**אומאן:** פייגע רייטהייזער, אליעזר ברענהויז. — **אונגעני:** „צעירי ציון קלוב". — **אלעקסאנדריא:** הירש ראזין. — **באכמאטש:** פ. מענדעלעוויטש. — **בעליאיא צערקאוו:** ב. ל. טרובאוו. (ה' ירוחמזאן האט אריינגעשיקט 5 רובל אויף 50 עקזעמפ.; די נעמען וועלען געדרוקט ווערען אין די קומענדיגע נומערן). — **ביעלילאווקא:** א. אסטראווסקי (2 עקז.) ש. מעדוועד (2 עקז) — **בערדיטשעוו:** י. ווינאקור, נ. זאסלאווסקי, ב. טשערניצער, ח. יאסעלאווסקי, מילמאן, צאלעוויטש. א. ראגאטשעווסקי, ס. רויזינבליט. — **בעריאבי:** מ. פרידמאן, — **דראגיטשין II:** ד. זבאר — **האמעל:** מ. העלער, ז. סנדלר, מ. שולמאן. — **ווישנעוועץ:** א. אויגענבליק, מ. מאק. — **חאלם:** ס. קופפער. — **חארקאוו:** פ. מ. פאקראסא. — **טעלענעשטי:** ח. מ. גרינפעלד, א. נאפאדענסקי, ח. סלאוקיס, ל. פינקעלמאן. — **יאגארליק:** ה. ליבשין (2 עקז.). — **לאדז:** ח. רובין (2 עקז.), ח. שטיין. — **לינקאווא:** מ. מאלק. — **ליסיטשאנסק:** א. לעווין, י. סארין, מ. קריטשעווסקי, ס ראדבארט. — **מאהילעוו:** ל. כהן (7 עקז), ד"ר פ. וו. ארנסאן, ב. ע. גיסען, י. ע. גיסען, ס. ג. גיסען, ז. ע. גוסליצער, וו. גאטקאווסקי, נ. גאלדבערג, ס. ב. הורוויץ, י. ש. וויסליצקי, ל. ח. ווילדע, ח. ש. יאקובסאן, א ע. כהן, י. י. כהן, כ א. כהן, האחיות א. וע. כהן, א. ח. לאנדוי, נ. לייטין, נ. י. מגידסאן, וו. י. פאליאקאוו, ג ג. פרידלאנד, העלמה פ. ל. קריוואנאסאוו, א. מ. ראטנער, ד. ש ראטנער מ כ. ראטשטיין, ג. א. ראזענקין, א. ש ראטנער, ס. ג ראבינאוויץ, ע. ל. ראגינסקי. — **מאזיר:** נחום מאטופאב, רחל שיינקמאן. — **מארהולעשטי:** הירש געלמאן (6 עקז.). — **מינסק:** ח. י. זווירין, — **נאוואגרודאק:** מ. מישקאווסקי. — **ניקאלאיעוו:** מ. אסטרינסקי (3 עקז.), א. דאקטאראוויטש (2 עקז.), א. אבעזהויז, א. אידעלסאן, ב לינקאוו, ס. י. ליעווי, ב. נאוואגרעבעלסקי נאוואגרעבעלסקי מאקלער, י. נעראיוליאנסקי, י. פאלושקין, ח. פרוג, ז. קאמינסקי. — **סלאבוטא:** בר דעה. — **סעמיאטיצי:** מענדיל וויינשיינקער. — **פאביאניצי:** ה. פויסט. — **פארישי:** מינא כהן, — **פוטיוול:** י. ל. אסמאלאווסקי, מ. העכט, ש. ריווקין, ב. ריסין, — **פייראמאשיקא:** מ. מינציעס. — **פעטריקאווקא:** א, א. כין. — **פערעיאסלאוו:** א. ב. טשערניאווסקי (2 עקז.). — **קאהאנאווקע:** ש. ריווקינסאן. — **קאלאראש:** א. צ. פלעשטער. — **קאנאטאפ:** חיים וועלקין. — **קאנין:** י. מראזאוויטש (2 עקז.). — **קיעוו:** א. ש. ראבינאוויטש (3 עקז.), ל. מ באגראנאווסקי, וו. ב. וויראזוב, ג. א. חאסקין, מ. ס. ראבינאוויץ, מ. ל. ראדאמיסלסקי, י. שרה'ס. — **קליאסטיצי:** ש. זילבערמאן, א. ד. שטיינבערג. — **קרעמענעץ:** „ציונים". — **ראסטאוו:** הלל גוטערמאן (2 עקז.), וו. א. בוקשטיין. — **שאוולי:** אסתר דעסיאטניקא. —

ס"ה: 134 עקז. פון פריהער: 115 ס"ה: 249.

## פון דער אדמיניסטראציע.

---



אונזער רייזענדער

**ה' יוסף באביטש**

**איס פרוזשאני**

נעמט אן אבאנענטען אונ אנאנסען אויף די

**„יודישע פאלקסצייטונג",**

„עולם קטן", „הפדגוג",

„ביבליותיקה עברית" אונ נאך אנדערע אויסגאבען, וואס דער פערלאג „תושיה" גיט ארויס.

---

אין בעלאיא-צערקוו אונ אויך אין איהר פראווינץ קען מען אויסשרייבען דעם סבארניק „הילף" ביי אונזער מיטארבייטער ה' בעריש ירוחמזאהן אויף דעם אדרעס.

**Борису Ерихимзону, г. Бѣлая-Церковь, Кіев. губ.**

## לעזט ביכער

אין 5 שפראכען
אין צוקערמאנ'ס לייה-ביב-
213 ליאטהעק 10—4
**ווארשא, נאלעווקי 7.**

---

Зеркальный фабрикантъ
ЮДКА ВЕЙНБЛАТЪ,
Варщава, Слизская 22.

עמפפעהלט אללע סארטען פערטיגע שפיגעל, אויך אללע צודאטין פיר שפיגעל פאבריקאנטען, צו גראססע אונד קליינע פאבריקאציאן. די בעסטע עצות אין די פאבריקאציאנסגעשעפט אנגעלעגענהייט. ביליגסטע פרייזען.
(104) 25—16

---

## נאך נישט דאגעוועזען!

פעדערהאלטער מיט 6 יאהריגען קאלענדאר זעהר נוצבאר פיר יעדען וואס האלט נור א פעדער אין האנד, פון וועלכען מען קאן גאנץ דייטליך אין איין מאמענט וויסען יעדען דאטום פון 1902 ביז 1907 יאהר. ערפונדען פון ה. יפה.

די פעדערהאלטער זענען זעהר שאן, זיי ווערען ארויס געשיקט פער נאכ-נאמע 6 שטיק פיר 1 רובל פראנקא איבעראל. פיר ווידער-פערקייפער בע-דייטענרער ראבאט.
224 3—1

**В. Тененбаумъ, Варшава,**
Гусья 27/37.

---

**НУЖНЫ АГЕНТЫ**

для сбыта **издѣлій штемп. фабрикаціи** и **патент. предметовъ** со значительн. прибылью. **Первоклассн. производство. Не смѣшивать** съ другими **мелкими** заведеніями. Рефлектанты благовол. указать родъ занятій и адр. **Каталоги** и условія **безплатно.** Конт. паров. типогр. и фабр. штемп. **И. ЗИМАНЪ, г. Бѣлостокъ.**

---

## בית־מסחר ספרים
## ב. צ. שיינפינקעל
**ווארשא ולאטע 63**

מוכר, קונה ומחליף כל מיני ספרים בתנאים נאותים למאד. (210) 50—5

---

### הוצאת „ישרון".

בימ"ס „ישרון" מלא וגדוש בכל הספרים החדשים שיצאו לאור מכל בתי הדפוס העברים וגם בספרים עתיקים יקרי הערך והמציאות. קונה ומוכר ספרים ביבליותיקות גדולות מכל מיני ספרים עברים נכנס לרשות הוצאת „ישרון"

**אלבום ארץ ישראל והמושבות**

מאת ש. ראפאלאוויץ וזקס. פנין יקר כזה לא היה עוד בספרותנו.

שבעים וחמש ציורים ממראות הארץ וממקומות הקדושים וממושבות אחינו בארה"ק. ותולדות המושבות וראשית היסדותן.

כתוב הוא עברית ואשכנזית.

האלבום הזה ראוי הוא להיות בכל בית ישראל לנוי ולקשוט.

מחירו 3 רו"כ, בכריכה יפה 3 75 עם פורטה. למו"ס ואגדות ציוניות הנחה הגונה.

**Книгоиз. „Iешурунъ", Вильна**
**Verlag „Ieschurun" Wilno Russland.**

---

**איינציגע ברוכבענדער, וועלכע היילען גרינדליך נאך קורצעם געברויך זינד נור „אלעקסאנדערס"**



## נייעס!! נייעס!!
### ברוכבענדער עלעקטרא-גאלוואנישע

היילען גרינדליך נאך קורצעם געברויך, אונ נאך 3 מאנאטליכען טראגען ווירד דער ברוך גענצליך אויסגעהיילט. — זיי האלטען גוט איין דעם ברוך אונ דריקען נישט דעם קערפער, וועהרענד אהנע עלעקטריע איז דאס אונמעגליך. בויכבענדער פיר פרויען, עלאס-טישע גוממי שטרימפפע פיר גע-שוואלענע פיס, בריללען מיט ווענעציאנישע גלעזער, וועלכע שטערקען די אויגען, אפאראטע פיר העמערוידען, אויך אנדערע כירורגישע אונ אפטישע ארטיקעל עמפפעהלט צו פאבריקס פרייזען די לאנג יעהריגע פירמא

**Хирургическо-Оптическій магазинъ**
подъ фирмою **Александеръ**
Сенаторская 22, Варшава

דא עס האט זיך געצייגט אז מען מאכט נאך אונזערע ברוכבענ-דער, ביטען וויר אויפמערקזאם צו זיין אויף די אריגענאלע מיט'ן סטעמפעל פון אונזער פירמא.

וויר בעזיצען הונדערטע דאנקשרייבען פון די יענינע וואס האבען געטראגען אונזערע ברוכבענדער.

ביי בעשטעלונגען פער פאסט דארף מען נור איינשיקען דאס מאס פון קערפער הערום. — פרייז 1 זייטיגע 6 רובל, 2 זייטיגע 10 רובל.
149 50 12

**די פירמא עגזיסטירט זייט 1885 יאהר.**

---

**Интересный и наилучшій подарокъ себѣ и знакомымъ.**

Не дорого и красиво и каждому доступно воспользоваться этимъ случаемъ. **Только за 1 р.** мѣдная надверная доска, красиво гравированная (имя, отчество и фамилія заказчика) черной эмалью, весьма красиво и изящно отдѣланная и отполированная. Имѣется также большой выборъ усовершенствованной домашней типографіи по самымъ дешевымъ цѣнамъ. Каждому доступно подарить себѣ и дѣтямъ, можно самимъ составить разные тексты. Мастерская также изготовляетъ всевозможные каучуковые штепеля, сургучныя и рельефныя печати, по умѣреннымъ цѣнамъ.

**Пріѣзжимъ мастерская изготовляетъ заказы въ продолженіи 2 часовъ.** Иногороднимъ высылается налож. платежомъ **на 35 коп дороже.**

Адресовать:
**Варшава, мастерская штемпелей Великсона Рымарская 3,** (рядомъ съ Государственнымъ банкомъ).
Требуются агенты. Каталогъ высылается безплатно.

---

## פאריזער נייעסטע מאדעלע

עמפפעהלט דער בעקאנטע מאגאזין פאן
דאמען-מענטעל, וויערכזען צו פוטער און קאסטיומען
**ד. באראדאווסקי ווארשא, לעשנא № 9 וואהנ. 4**
אויפס פערלאנג פערפערטיגע אללער ארט בעשטעלונגען אין 24 שטונדען.
147 25—11

---

## דאמף־דרוקעריי עט ליטאגראפיע
## פון ש. בעלכאטאווסקי אין פיעטרעקוב

איינגעארדענט לויט די נייעסטע סיסטעמע, מיט די שענסטע מאדערנע שריפט אונ פערצירונגען, נעמט אן צו דרוקען אלערליי ביכער: יודיש, רוסיש פויליש, דייטש א. ז. וו. אויף די לייכטסטע בעדינגונגען. אויך פערשידענע עטיקעטען, פרייז-קוראנטען, פאבריטשנע ביכלעך, אויך אלערליי אנדערע סארטען דרוק אונד ליטאגראפישע זאכען.

(212) אלעס ווערט פינקטליך אונ שנעל בעזארגט. 50—5

**Въ Типо-литографію Ш. Белхатовскаго, г. г. Петроковъ.**

---

## דר. מ. גראדזיענסקי

ארדינאדאר אין קליניק פיר
**אינערליכע קראנקהייטען**
2—10 אין שפיטאל שוו. דוך (220)
נעהמט אן קראנקע ביז האלב 11 פריה אונ פון האלב 3 ביז 5 נאך מיטאג
**ווארשוי, דזיקא 4 — (נאוואליפקי 6)**

---

## היימישע מיטטאגען!

צו מעססיגע פרייזען, אויך פער-שיעדענע צייטונגען צום לעזען ביי
**אהרן משכיל-לאיתן**
ווארשא, גענשע 13, וואהנונג 7, אין טהויער, 2 שטאק. 50-12 (192)

---

## י. שעקמאן, ווארשא.

**פאבריק פון זילבער 84 פראבע עט פלאטעע־וואארען.** (128) 50 24




---

בבית מסחר הספרים
**י. ראזומאווסקי בברדיטשוב**
ובהמחלקה שלו **בווארשא, נאלעווקי 34** אצל **א. צייטלענגאלד** נמכרים כל מיני ספרים במקחים נמוכים. (217) 50—4

---

פאבריק פון פייערפעסטע 8—15 199
## אייזערנע קאססעס

עמפפעהלט איהר אויס-ארבייטונג נאך נייעסטעם סיסטעם, קאנקורירט מיט די פרייזען און פערגרע-סערט די №№ געגען אנדערע פאבריקען פרייז קוראנטען פראנקא

**Ш. Хари,** Варшава, Новолипье 40

---

## גייטיג פאר יעדען!

די נייע ערפינדונג, וועלכע האט א פאטענט פון אייראפא אונ אמעריקא, „צו פערהיטען הויזען פון צעריסען אונ איינ-געשמוצט ווערען" קאסטעט א פאר 20 קאפ מיט פארטא. דאס אליין פערקויף קענען בעקומען אלע פירמעס. מוסטערן פיר דאס געגענווערטהע 20 קאפ'. די גענויערע תנאים שיקט דער פארשטעהער פון דער פירמא

М. Капланъ, Свислочъ,
Грод. губ.
(189) 1—2

---

## „Chromolin"

**„כראמאלין"** דאס איינציגע נים שאדליכע מיטטעל צום פוצען אונ קאנסערווירען שוהווערק, מאכט א זעלטענעם גלאנץ. פערקויף אין שוהווערק מאגאזינען אונ אפטעצנע סקלאדעס
(209) 12—6

**אגענטען ווערדען געזוכט**

**L. Schneider,**
Warszawa Nowy-Swiat 34.